# יודישע אילוסטרירטע צייטונג

Żydowska gazeta illustrowana

Wychodzi każdego piątku.

Frenumerala wynosi: Rocznie 10 K. — 5 Rbs. Półrocznie 5 K. 2.50 Rbs. Kwartalnie K 2.75 = 1.50 Rbs

Pojedynczy egzemplarz 20 h. — 10 Kop.

Redakcya i Administracya: Kraków, Grodzka 62.

Judische Illustrierte Zeitung.

ערשיינט יעדען פרייטאג.

אבאנאמענטס־פרייז: יעהרליך: 10 קראָנען, 5 רובל. האלביעהריג 5 קראָנען — 2.50 רובל. פירטעל יעהרליך 2.75 קראָנען, = 1.50 רובל.

איינצעלנע נומער 20 העללער — 10 קאפ.

אין אנדערע לענדער: יעהרליך 15 פראנק, האלביעהריג 7.50 פיערטעליעהריג 4 פראנק.

רעדאקציאן און ארמיניסטראציאן: קראקא גראדזאסקא 62. טעלעפאן נו׳ 412.

עסקאָנטאָ. פּאָסטשפּארקאסען־קאָנטא נו׳ 57,341.

הויפּטפערטרעטונג פאר רוסלאנד: י. מערעצקי, ווארשא, מיאדאווא נו׳ 12. פיליע אין לאדז: פרזעיאזד נו׳ 16.


## איבערקעהרעניש אין סערביען.



איבערקעהרעניש אן סערביען: 1. פרינץ געאָרג שיסט ציגאַרעטען ביי א זאלדאט פונ'ם מויל. 2. ער איבערייט אויף דער גאַס א פרוי מיט א קינד. 3. ער קאָפּט זיין קאמער־דיענער מיט די פיס. 4. ער צווינגט זאָלדאַטען צו עסען געפּגר'טע מייז.

### גראטיס־ביילאגע: מה־נשתנה.



איבערקעהרעניש אין סערביען: דער ביזהעריגער קראנפרינץ געארג.

# איבערקעהרעניש אין סערביען.

אין סערביען איז פלוצים געשעהען א איבער־קעהרעניש.

דאנערשטאג, דען 25 מערץ האט מען ערווארטעט, אז נראף פארגאך, דער עסטרייכישער געזאנדטער אין בעלגראד, וועט איבערגעבען דאס „אולטימאטום" און מאקי תיכף וועט זיך אנהייבען דער קריעג — צום סוף האט זיך דארט געמאכט אזא איבערקעהרעניש דורך וועלכען נישט בלויז דער קריעג איז נישט אויסגעבראכען, נאר די קריענס־געפאהר איז אויך אים גאנצען בעזייטיגט געווארען.

קראנפרינץ געארג, דער הויפטהעצער צום קריעג, האט פערציכטעט אויף זיינע רעכטע אלס קראנפרינץ און וויל אוועקפאהרען קיין אויסלאנד...

די גאנצע זאך איז געשעהען אזוי פלוצים, אזוי אונערווארטעט, אז צוערשט האט מען געמיינט, עס ליגט דא פאר עפּיס א נייע סערבישע שפעקולאציע, א נייער שווינדעל. אבער די קומענדע טעג האבען בעוויעזען, אז דאס מאל, אפשר טאקי דאס איינע מאל, האבען די סערבישע פאליטיקער געהאנדעלט עהרליך און אהן געבענ־אבזיכט און געארג'ס פערציכט אויף זיינע רעכטע איז טאקי רעפינטיוו און נישט ווידערופליך.

ער האט עס נישט געטהון פרייוויליג; מען האט איהם דאצו געצוואונגען מיט געוואלט. קעניג פעטער און די סערבישע מיניסטער זענען מיעד געווארען, זיך צולא־זען ארומפיהרען פון דעם ווילדען יונגאטש ביי דער נאז און האבען איהם געהייסען נעהמען דעם וועג.

און קוים איז ער בעזייטיגט, איז שוין טאקי אוועק־געפאלען די הויפטגעפאהר פאר'ן פריעדען, דער קעניג און די מיניסטער נאוואקאוויטש און מילאוואנאוויטש זענען שוין פריהער געווען דאפאר, זיך נישט ארייגצולאזען אין דעם געפעהרליכען שפיעל, נאר געארג מיט זיינע אנהענ־גער זענען זיי געשטאנען ווי א ביין אים האלז. איצט זענען זיי שוין פון דער צרה פטור געווארען און קענען שוין נאכגעבען אלע פארדערונגען פון עסטרייך־אונגארן און פון די מעכטע.

די אייסערע אורזאכע פון געארג'ס רעזיגנאציע איז געווען א ריין פערזענליכע.

מיט עטליכע טעג צוריק איז געשטארבען אין שפיטאל געארג'ס קאמערדיענער, קאלאקאוויטש, און אויף דעם טויטען־בעט האט ער דערצעהלט, אז שולדיג אין זיין טויד איז דער קראנפרינץ, וועלכער האט איהם פאר עפיס א קליינינקייט אזוי פירכטערליך געשלאגען און געטרעטען מיט די פיס, ביז ער האט איהם אינערע איברים געבראכען און דאפון שטארבט ער.

א סאציאלדעמאקראטיש בלאט האט די נאכריכט פערעפענטליכט און נאכדעם ווי די רעגיערונג האט דאס בלאט נישט קאנפיסצירט, האבען אויך אנדערע בלעטער דאס נאכגעשריבען און די מעשה איז געווארען צום געשפרעך אין גאנ'ן בעלגראד.

קראנפרינץ געארג לייקענט אבער אב די גאנצע מעשה. ער בעהויפטעט, אז ער האט דעם דינער צוואַ־נציגסטען עטליכע פעטש פאר נישט פאלגען, אבער אין זיין טויד איז ער נישט שולדיג, קאלאקאוויטש איז ערשט שפעטער געפאלען און האט זיך פער־לעצט מיט דעם אייזען פון זיין ברוכבאנד... און וויל די רעגיערונג שטע־ט נישט צו פערטיידיגען איבער איהם פאלשע נאכריכטען, פערציכטעט ער אויף אלע זיינע רעכטע אלס קראנפרינץ, כדי מען זאל קענען נעגען איהם איינלייטען א שטראף־אונטערזוכונג...

דאס אלעס איז אבער בלויז א תירוץ... געארג האט שוין אין די פאר יאהר, זייטדעם סערביען האט דאס גליק, איהם צו בעזיצען אלס קראנפרינץ, פעראיבט גרעסערע שטוטשקעלעך און ס'האט איהם נאר נישט שעניערט.

די אורזאכע פון זיין רעזיגנאציע איז באמת א פאליטישע. אין דער נאכט פון מיטוואך אויף דאנערשטאג איז געמליך בעקאנט געווארען, אז רוסלאנד, וועהענדיג עסטרייכס ענטשלאסענהייט צום קריעג, האט נאכגעגע־בען און ערקלערט, אז עס איז גרייט אנצוערקענען די אנעקסיע פון באסניען־הערצאגאווינא דורך עסטרייך־אונגארן.

דאמיט האט סערביען פערלוירען זיין איינציגע האפנונג אויף הילפע אים קריעג און ס'איז איהם נישט געבליעבען קיין אנדערער וועג, ווי נאכצוגעבען אלע עסטרייכישע פארדערונגען.

און כדי דאס אייגענע פאלק, וועלכעם מען האט אריינגעהעצט אין א קריעג, צו בערוהיגען, האט קראנפרינץ געארג געמוזט פאלען פאר א קרבן. ער איז עס געווען וואס האט אם שטארקסטען צום קריעג געהעצט. איצט, ווען ער פערשווינדעט פונ'ם שויפלאץ, קען מען שוין רוהיג אבשליעסען פריעדען בעהויפטענדיג, אז קעניג פעטער און די רעגיערונג האבען שוין פריהער געוואלט שלום.



איבערקעהרעניש אין סערביען: דער נייער קראנפרינץ אלעקסאנדער.

נאר קראנפרינץ געארג האט נישט דערלאזט און איצט, ווען ער פאלט אב, איז שוין נאר קיין מניעה נישט פאר־האנען, צו מאכען שלום.

מען מוז מודה זיין, אז דאסמאל האבען די סערבישע פאליטיקער ריכטיג געהאנדעלט. ס'האט זיך טאקי באלד ארויסגעשטעלט, אז דאס סערבישע פאלק איז נישט גע־ווען אזוי בעגייסטערט פאר'ן קריעג, אז קראנפרינץ געארג איז נאר נישט אזוי בעליעבט געווען, ווי מען האט געמיינט. דאס פאלק האט רוהיג אנגענומען זיין רעזיגנאציע, עבענזא די רעגיערונג, דער קראנראטה און די סקופשטינא. קעניג פעטער האט זיך אויך געאיילט, בעקאנט צו געבען דעם פאלק אין א בעזונדער מאניפעסט, וואס ס'איז געשעהען, כדי געארג זאל שוין נישט האבען קיין פלאן, זיין רע־זיגנאציע צו ווידערופען.

דער איצטיגער קראנפרינץ, אלעקסאנדער, איז א רוהיגער, שטילער מאן; ער איז ביים פאלק וועניג בע־קאנט, ער איז ביז נישט לאנג געזעסען אין פעטערסבורג און ס'איז צו ערווארטען, אז ער וועט נישט געהען אין



איבערקעהרעניש אין סערביען: די זיצונג פון דער סקופשטינא, אין וועלכע ס'ווערט אנגענומען די רעזיגנאציע פונם קראנפרינץ געארג.



פריערן: גענעראל אַלבאַרי, וועלכער [illegible] געוואָלט זיין ׳בער קאָמאַנדאַנט אים קריעג קעגען סערביען

די וועגען פֿון זיין עלטערן ברודער, וועלכער האט די גאַנצע דינאַסטיע שיער געברענגט אין געפֿאהר.

נעאָרג האט נעמליך געטריעבען אַזוינע שטיקשקעס, אַז ס'איז אַוש דעם פאלק נמאס געוואָרען און מען וואלט עס בעטראַכטעט אַלס דאס גרעסטע אונגליק, ווען ער זאל געוועזען קומען אויף דער שטוהל. מען קען רוהיג בעהויפטען, אַז דאָס, וואס קעניג פעטער איז ביז היינט נישט בעזייטיגט געוואָרען, איז נאר דאַפֿאַר, ווייל דאס פֿאָלק האָט מורא געהאַט, נעאָרג זאָל ווערען קעניג.

איצט קומען נעמליך אַרויס אַלע זיינע מעשיות און שטושטקעליך, וואס ער האט געטריעבען, ס'איז פֿאַסט אונגלויבליך, אַז א קעניג ליכער פּרינץ זאָל זיך אַזוינס ערלויבען.

פֿון די פֿערשיעדענע מעשיות ווילען מיר דא עטליכע דערצעהלען:

1) נעאָרג פֿלעגט צווינגען זיינע אַדיוטאַנטען, עלטערע אָפֿיציערע, זיי זאָלען פֿאַר איהם קריעכען אויף הענד און פֿוס. עס איז אַזוי ווייט געקומען, אַז קיין אָפֿיציער האט ביי איהם געוואָלט זיין אַדיוטאַנט.

2) ער פֿלעגט צווינגען זאלדאַטען צו עסען געפּרישטע מייז.

3) ער פֿלעגט זיך לערנען שיעסען אויף דעם אופֿן, אַז א זאלדאַט האט געמוזט האלטען א ציגאַרעטע אין מויל און דער פּרינץ פֿלעגט זי איהם דורכשיעסען. עטליכע מאל איז פֿאָרגעקומען, אַז דער נעאָרג האט שלעכט נעצייעלט און געטראָפֿען א זאלדאַט אין פּנים. אבער דאַס האט איהם נישט געהאַרט.

4) ער פֿלעגט אויך פּרובּען דורכצושיעסען זיינע דיענער צווישען די פֿיס. אפֿטמאל פֿלעגט די קויל אַריין דעם דיענער אין פֿיס — אָבער נעאָרג האָט דאָפֿון געלאַכט...

5) זיינע לעהרער, אויסלענדישע אָפֿיציערע, פֿלעגט ער שלאָגען מיט א בייטש. אָבשפּריצען מיט זאַראַוואסער, וואַרפֿען ביכער און טינטען פֿעסער אין קאָפּ אַריין, אַזוי אַז זיי זענען אַלע אנטלאָפֿען און קיינער האט איהם נישט געוואלט ווייטער האָבען פֿאַר א תּלמיד.

6) אַ מאל האט ער זיך איינגעלאַדען עטליכע „שאַנסאָנעטקעס" אין קעניגליכען פּאַלאַץ און האט מיט זיי אים טהרון־זאַאל געטרונקען שאַמפּאַניער, זעצענדיג איינע אויף דעם קעניגליכען שטוהל. ווען דער קעניג האָט איהם דאַריבער געמאַכט פֿאָרווירפֿע, האט ער דעם איינעם פֿאטער געוואָלט שלאָגען. פֿאַר'ן קעניג איז נישט געבליעבען קיין אַנדערער וועג, ווי איהם צו בויען אַ בעזונדערען פּאַלאַץ, כדי פֿון איהם פּטור צו ווערען.

7) נעאָרג האט ליעב געהאַט צו רייטען אים גאַלאָפּ אדער צו פֿאהרען מיט אַ אויטאמאַביל אין דער גרעסטען שנעלינקייט דורך די גאַסען פֿון בעלגראַד, נישט אַכטענדיג אויף די פֿאַריבערגעהענדע מענשען. עטליכע מאָל איז ער איבערגעריטען און איבערגעפֿאָהרען מענשען און האט דאָפֿון געלאַכט.




פריערן: די בעגריסונג פֿון דעם נייעם באָסנישען לאַנדעסשעף, גענעראל בערעסאַנען אין סעראַיעוואָ

8) איינמאל האט ער אויך אַזא אופֿן צעדרעטעטען אַ אָרימע פֿרוי מיט אַ קינד... דאס פּובּליקום אויף דער גאַס איז אַזוי עמפּערט געוועזען, אַז מען האט איהם געוואלט מכבד זיין ווי עס געהער זיך. ער איז קוים ענטלאָפֿען, שרייענדיג: „וואַרט נאר אויס, איהר הוירים! ווען איך וועל ווערען קעניג, וועל איך מיך מיט אייך שוין אָברעכענען!"

9) ווען די צייטונגען האָבען דאַריבער בעריכטעט איז נעאָרג אַריין געלאָפֿען צום רעמילדיגען מיניסטער־פּרעזידענט פּאַסיטש און איהם געצוואונגען מיט א בייטש אין דער האַנד, צוצושיקען צו די צייטונגען א אָפֿיציעלע אָבלייקענונג פֿון דער גאַנצער מעשה.

10) אויף הויפֿבעלער פֿלעגט ער־דאַטשעפּען מיט די דאַמען פֿון די דיפּלאָמאַטישע פֿערטרעטער, אַזוי אַז עס איז עטליכע מאל וועגען דעם געקומען צו דיפּלאָמאַטישע פֿערוויקלונגען.

אַלע דיזע און נאך צעהנדליגער מעשיות האט פּרינץ נעאָרג פֿעראיבט און דאס פֿאָלק האָט געשוויגען אויך די מעשה מיט זיין קאַמערדיענער קאָלאקאָוויטש וואלט אפשר געווען אבגעלויפֿען שטיל ווען נישט די פּאָליטישע פֿערוויקלונגען...

איצט האָט נעאָרג געבראָכען דעם קאָפּ... ער איז אויס קראָנפּרינץ, פֿערהאַסט ביים פֿאלק, בלאַמירט אים אויסלאַנד, פֿעראַכטעט פֿון אַלע מענשען...

דאס טרויריגסטע איז נאָר, אַז אַזאַ מין קרעאַטור האט געקענט א האַלבע וועלט חדשים־לאַנג אַרומפֿיהרען ביי דער נאָז...

* * *

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגען נומער א אָריגינעל בילד, פֿאָרשטעלענדיג עטליכע סצענעס פֿון נעאָרג'ס טרייבערייען. אויך אַ בילד פֿון דעם עקס־קראָנפּרינץ נעאָרג און פֿון דעם נייעם קראָנפּרינץ אַלעקסאַנדער.

# פֿריעדען.

אין דער לעצטער שעה, ווען מען האָט שוין ערוואַרטעט דעם אויסבּרוך פֿון קריעג, איז איינגעטרעטען א נייע ווענדונג און דער פֿ ר י ע ד ע ן איז געזיכערט.

די גרעסטע געפֿאַהר איז געוועזען די האַלטונג רוסלאַנד'ס, אין זיין לעצטער נאָטע האָט איזוואָלסקי ערקלערט, אַז רוסלאַנד קען נישט אַנערקענען די אַנעקסיע פֿון באָסניען און דאס מוז קומען פֿאַר קאָנפֿערענץ.

דיזע ערקלערונג האט געשטאַרקט די קריעגספּאַרטיי אין סערביען און די עסטערייכיש־אונגאַרישע רעגיערונג האט דאַרויף געענטפֿערט מיט גרעסערע פֿאַרבערייטונגען צום קריעג. טעגליך זענען אבמאַשירט קיין באָסניען פֿרישע טרופּען, אים אַדריאַטישען מער, נעבען דער מאָנטענעגרינישען גרעניץ האָבען געקרייצט עסטערייכישע קריעגס־שיפֿען, כדי צו פֿערהינדערן דאס איינשמוגלען פֿון וואָפֿען קיין מאָנטענעגראָ; די דאָנוי־פֿלאָטע איז געשטאַנען נישט ווייט פֿון בעלגראַד, געהייצט און אנגעגרייט צום אויספֿאָהרט. דער קינפֿטיגע אָבערקאָמענדאַנט פֿון דעם פֿעלדצוג, גענעראַל־טרופּען־אינספּעקטאָר אַ ל ב א ר י איז געוועזען גרייט, איבערצונעהמען דאס קאָמאַנדאָ. דער נייער



פֿריעדען: דאס עסטערייכישע קריעגסשיף סס. גצאַ״ בעוואַכט די מאָנטענעגרישע גרעניץ.

פערענדערונג אין דער עסט.-רייכיש. גענעראל שטאב.



פמל. קארל פאנטש. פמל. פראנץ שערלער. פמל. יאהאן שעכוא. פמל. פריעדריך ייהן.

לאַנדעס־שעף פון באָסניען, גענעראַל באַרעס דע בער־סאַניק, איז שוין אָנגעקומען קיין סעראַיעוואָ און האָט איבערגענומען די לייטונג פון לאנד.

אין בעלגראד האט דער עסטערייכישער געזאנדטער, נאך פארנאך, שוין געהאט דאס אולטימאטום אנגעריִיט.

איינגבא־ט געוואָרען א „פאָרמעל", אז דער פאראנראַף 25 פון בערלינער פערטראג, לויט וועלכען עסטערייך־אונגאַרן בעזעצט פראוויזאריש באסניען־הערצעגאווינא, ווערד אים נאנצען נעשטריכען און די אַנעקסיע פון דיעזע פראווינצען דורך עסטערייך־אונגאַרן ווערד אנערקאַנט.

עס איז נאר קיין שום ספק נישט, אז סערביען וועט דאס אַלעס נאָכגעבען און די קריענסגעפאהר וועט ווערען אים גאנצען בעזייטיגט.

די עסטרייכיש־אונגארישע דיפלאמאטיע האָט ער־רייכט אַ גלענצענדען זיעג. עסטרייך־אונגארן איז איצט די ערשטע מאכט אויף דעם באלקאן און רוסלאַנד האָט זיין איינפלוס אים גאנצען פערלוירען.

צו פערדאַנקען האט עסטרייך־אונגאַרן זיין גרויסען מאראַלישען ערפאלג אין ערשטער רייהע זיין מיכטיגער מיליטערישער ריסטונג. די עסטרייכישע ארמעע שטעהט היינט אויף אזא הויכער לאַגע, ווי קיין שום אייראפּע־אישע מאַכט, הוץ דייטשלאַנד. און אויסערדעם האָט דייטשלאנד וועהרענד דער גאנצער קריזע שטאַרק און עהרליך געהאַלטען צו זיין פערבינדעטען און קענען אַזוינע צוויי ריעזען, ווי עסטרייך־אונגאַרן און דייטשלאנד, מיט וייער 5 מיליאָנענדינער ארמעע, האָט דאס איבריגע איי־ראָפּא נישט נעקענט אויפטרעטען.

עסטרייך־אונגאַרן האָט געזיעגט אויף דער גאנצער ליניע אָהן בלוט־פערגיעסען... דאָס מאַכט דען זיעג נאָך גרעסער און שענער!

ס'איז אָבער קיין שום ספק נישט, אז די איצטיגע קריזע איז דאַמיט נאָך נישט בעענדיגט. רוסלאנד וועט עס נישט מוחל זיין, וואס עס האָט איצט געמוזט צוריק־טרעטען. איזוואָלסקי וועט באַלד דעמיסיאָנירען און אין רוסלאַנד וועלען די פּאָליטיקער נאָר וואַרטען אויף א גינסטיגער געלעגענהייט, זיך וועגען דער איצטיגער ניע־דערלאַגע צו ענטשערינען.

דער קריעג, וועלכען מען האָט איצט פערהינדערט וועט שפּעטער אויסברעכען מיט א פורכטבארער געוואַלט.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער עטליכע אילוסטראציעס צו דער איצטיגער לאַגע.



רעוואָלוציע אין פערזיען: אין געגענוואַרט פון שאה הענגט מע, אויף א רעוואָלוציאָנער.

די מעכטע איבערגעבען איצט א געמיינזאמע נאָטע אין בעלגראַד, פערלאַנגענדיג, סערביען זאָל עבענפאלס אנערקענען די אַנעקסיע און ערקלערען, אז עס פערלאַנגט קיין שום ענטשעדיגונג דאַפיר. עס זאָל א היים־שיקען די רעזערוויסטען און זיך פערפליכטען, צו פערהינדערן דאס בילדען פון „באַנדען" קיין באָסניען־הערצעגאָווינאַ.

וואַרטענדיג בלויז אויף א אויפטראג פון ווין, איהם צו איבערגעבען.

ביז אַט דער לעצטער מינוט האָט זיך איזוואלסקי איבערגעלענט די מעשה און נאָכגעגעבען דעם דרענגען פון דייטשען באָטשאַפטער אין פעטערסבורג. ער האט אַרויסגעשיקט א נאָטע, אז נאָכדעם, ווי עסטערייך־אונגאַרן האט זיך געאייניגט מיט דער טירקיי וועגען באָסניען, קענען די אַנדערע מעכטע דאַנגענען נאָר נישט איינ־ווענדען און רוסלאנד איז גרייט, דיעזען פאַקט אַנצוערקענען.

דיעזע רוסישע נאָטע האט אַרויסגערופען א אי־בערקעהרעניש אין דער גאַנצען סיטואציע. סערביען האָט געזעהען, אז איצט האָט עס זיך שוין נישט אויף וועמען צו פערלאָזען און האָט אבגעהאקט פון עסק. פראַנקרייך האָט זיך די גאַנצע צייט בעמיהט וועגען שלום און איז איצט העכסט צופריעדען געוועזען. איטאַליען האָט פער־ביסען מיט די צייהן און געמאַכט א שוויינ, ערקלערענ־דיג, אז עס איז תמיד געוועזען אַ „רודף־שלום" (?). נאָר ענגלאַנד האָט געפּרופּט זיך נאך א ביסעל צו מאַכען חכמות און צו פערלאַנגען, עסטערייך זאל נאך בעווילינען עטליכע קאָנצעסיעס צו סערביען, כדי די סערבישע ניעדערלאגע זאל נישט זיין אַזוי גרויס...

אָבער עסטערייך־אונגאַרן איז געשטאַנען פעסט און האָט זיך נישט געוואָלט ריהרען פונ'ם פלאץ. באַראָן עהרענטהאל האָט אויסגענוצט זיין גינסטיגע פּאָזיציע און איז נישט אָבגעטרעטען אויף א האָהר. ענגלאַנד האָט געמוזט נאָכגעבען און צווישען אַלע מעכטע איז פער־



פּאָסט־שטרייק אין פּאַריז: זאָלדאַטען אינטער־אַרבעטען די אָנגעהויפטע זעק מיט בריעף אויף דעם פאַריזער פּאָסט־אַמט.

# דון יוסף הנשיא, הערצאג פון נאקסאס

## היסטארישער ראמאן אויס דעם זעכצעהנטען יאהרהונדערט

פריי בעארבייטעט נאך • ווילדענראד.

ערשטעס קאפיטעל.

ווענעדיג, די שטאלצע, מעכטיגע רעפובליק, האט היינט געפייערט איהר שענסטעס פעסט.

היינט האט דער „דאגע", דער פרעזידענט פון דער רעפובליק, אונטער גרויס פאר־אר און מיט אלע איבליכע צערעמאניעס פערלאבט די רעפובליק מיט דעם מעער. אריינווארפענדיג א טהייערען גאלדענעם רינג אין וואסער אריין. די שטאלצע רעפובליק האט זיך משדך געוועזען מיט דעם גרויסען מעכטיגען מעער, די קוועלע פון איהר מאכט און איהר רייכטהום.

די ווענעציאנישע רעפובליק האט דעמאלט געשפיעלט א גרויסע ראלע אין דער וועלט. איהרע האנדעלס־שיפען זענען געוועזען איבעראל צו זעהען. איהרע קריעגס־פלאטע איז אויסגעפאהרען די האלבע וועלט, שיצענדיג איהרע האנדעלס־אינטערעסען. מיט די מעכטיגסטע שטאאטען האט זי אבגעשלאסען האנדעלס־פערטרעגע, געפיהרט מלחמות און איהר נאמען איז געוועזען געפירכטעט אין דער גאנצער וועלט.

די רעפובליק האט זיך פערלאבט מיט'ן מעער; זיי געהערען צו איינאנדער און קיינער קען זיי נישט פון איינאנדער־רייסען.

יעדעס יאהר פלעגט זיך דיעזע צערמאניע ערנייערן און יעדעסמאל איז דיעזער טאג געוועזען דער שענסטער און פריידיגסטער פאר די ווענעציאנער.

---

עס איז שוין געגען האלבער נאכט, אבער אין ווענעדיג לעבט זיך און עס רוישט, ווי אין מיטען העלען טאג. אויף די קאנעלע, צווישען די הויפטשטראסען פאה־רען ארום מיט בלומען פערפוצטע שיפלעך, פון וועלכע עס הערען זיך לוסטיגע ליעדער און לעבהאפטע מוזיק. אים דאגען־פאלאסט, אים זיץ פון דער רעגיערונג, ווערד אבגעהאלטען א באל, צו וועלכען אלע ווענעציאנישע פאט־ריציער, אלע מיוחסים און הויכע בעאמטע זענען געקומען. אין די וויין־שטובען שפיעלט מען און זינגט, טאנצט און בעלוסטיגט זיך און די פרייד האט נאר קיין שיעור.

פלוצים הערט זיך א שרעקליך ברומען, ווי פון טויזענד דונערן, די גאנצע שטאדט ווערד דערציטערט, די שטארקסטע מויערן וואנקען און טרייסלען זיך. דאס מעער שטירמט און ברויזט — עס זעהט אויס ווי א שרעקליך ערדציטערניש.

א שווארצע, געדיכטער רויך בעדעקט די גאנצע שטאדט. באלד אבער שטייגען אויף פייערדיגע זאלען צום הימעל און בעלייכטען א שרעקליך בילד:

דער פולווער־טהורם פון ווענעדיג האט עקספלאדירט, אנארבייטענדיג די שרעקליכסטע פערוויסטונג.

— דער פולווער־טהורם ברענט! — הערען זיך די יאמערליכסטע געשרייען — דער פולווער־טהורם, אין וועלכען עס זענען אנגעזאמעלט אזויפיעל עקספלאזיוו־שטאפע, ברענט! באלד וועט גאנץ ווענעדיג פערוויסטעט ווערען.

פון אלע זייטען לויפען מענשען פערצווייפעלט, פערווילדעט; מען הערט נאר שרייען און וויינען, קלאגען און יאמערן. מענשען ווערען צערשטויסען אונטער די פיס, מען לויפט, מען יאגט. יעדער וויל וואס שנעלער צוקומען צו דער פעסטונג, ווענעדיג'ס שטאליץ און רוהם, זעהען, וואס עס איז געשעהען.

די גרויסע פעסטונג, א שטאדט פאר זיך, שטעהט אין פלאמען. פון אלע זייטען שטייגען אויף פייערדיגע זיילען, ווי בליצען, פערמישט מיט שווארצען און ווייסען רויך. עס הערען זיך כסדר קראכען ווי פון שטארקע דונערן.

אין דער פעסטונג איז אנגעזאמעלט א אונגעהויערע מאסע קריעגסמאטעריאל, פולווער, שוועפעל און פעך, און דאס פייער בריימעט זיך כסדר מעהר אויס.

פון דער בעזאצונג זענען הונדערטע זאלדאטען געטעדטעט געווארען. דער רעסט אריבייטעט מיט דער גרעסטער אנשטרענגונג, צו לעשען דאס פייער — אבער יעדע ארבייט איז אומזיסט. די פעסטונג ברענט פון אלע זייטען; אלע טהורמעס און טהויערן זענען איינגעשטירצט, אלע מאגאצינע צערשפרונגען און צעריסען — ס'איז א שרעקליכער חורבן.

אינ'ם פולווער־טהורם איז געוועזען אנגעזאמעלט 400 צענטנער פולווער. ווען עס האט עקספלאדירט, זענען הונדערטער הייזער אין פאלאסטען אים צענטרום פון דער שטאדט צערשטערט געווארען; טויזענדער לייכען בעדעקען די שטראסען. פון אלע זייטען הערט זיך דאס קרעכצען און יאמערן פון די פערוואונדעטע און פערלעצטע.

די איבערגעבליעבענע רעטען זיך אויף די שיפלעך און ווילען אנטלויפען פאר דעם שרעקליכען פייער. וואס דראהט זיי אלע מיט'ן טויד.

פלוצים הערען זיך פון אלע זייטען געשרייען:

— דאס האבען די יודען געטהון! די יודען האבען אונטערגעצינדען דעם טהורם, כדי ווענעדיג צו פערוויסטען!

די געשרייען געפינען באלד גלייביגע צוהערער. דאס פאנאטישע פערצווייפעלטע פאלק קלערט נישט פיעל און קוים געפינט עס זיך נעגוג ווייט פון דעם פייער. אזוי אז עס ברויכט שוין נישט צו ציטערן פאר'ן אייגענעם לעבען, העלפט עס שוין מיט שרייען:

— יא, יא! נאר די יודען האבען דאס געטהון! נאר די יודען!

— די יודען האבען עס געטהון — רופט איצט א פאנאטישער גייסטליכער — קומט קריסטען, מיר וועלען אונז אין זיי נוקם זיין! קומט צום יודישען גהעטא! נאך היינט ביי נאכט וועלען מיר עס צוזאמען מיט אלע יודען פערברענען!

עס דארף קיין איינציגער פון זיי ארויס לעבענדיג!

די יודען אין ווענעדיג האבען דעמאלט, ווי איבעראל אין אייראפא, געלעבט אין א בעזונדער פיערטעל, דעם גהעטא. שטארקע מויערן האבען זיי אבגעשלאסען פון דער איבריגען שטאדט. נאר ביי טאג האבען זיי געמענט ארויסקומען, ביי נאכט אבער זענען די מויערן פונ'ם גהעטא געוועזען פערשלאסען און א וועכטער האט געהאלטען שטרענגע וואך, עס זאל קיינער נישט ארויס און נישט אריין.

אויף די יודען האט דאס פאנאטישע פאלק אלעס געגלייבט. ס'איז איהם נאר נישט איינגעפאלען צו פרעגען, ווי אזוי האבען זיי געקענט אין מיט'ן דער נאכט ארויס־קומען פון דעם גהעטא; ווי אזוי האבען זיי געקענט צו־קומען ביז צו דער פעסטונג, איבערהויפט אריינקומען אינעווייניג ביז צום פולווער־טהורם. וואוהין מען וואלט זיי דאך אפילו ביי טאג נישט צוגעלאזט!..

און מיט א ווילדען פאנאטיזמוס, מיט א שרעק־ליכען כעס הויבט זיך די אויפגעהעצטע פאלקס־מענגע צוגעלאזט צום יודישען גהעטא, רופענדיג:

— טויטעט די יודען! טודעט די יודען! נקמה אין די פעררעטהער!

— קומט, מיר וועלען זיי לעבענדיגער הייט פער־ברענען! קיין נשמה פון זיי זאל בלייבען לעבען!

דער ליא־ם ווערד וואס א מאל שטארקער און גרעסער און די ווילדע מענגע איז וואס אמאל נעהנטער פונ'ם יודישען גהעטא.

נישט ווייט פונ'ם גהעטא בעגעגענען זיי דריי מענער, איילענדיג צום טהויער. צוויי פון זיי דערקענט מען תיכף אלס יודען, דער דריטער טראגט עפיס פרעמדע קליידער. מען ווייסט נישט, ווער ער איז...

— אט האבען מיר געפאקט די פערברעכער! — שרייט דער פאנאטישער גלח, וואס פיהרט די מענגע מיט א גרויסען צלם אין דער האנד — אט האבען מיר זיי געפאקט! צערהאקט זיי אויף שטיקער! פערברענט זיי לעבענדיג!

— העי, יודען! — רופט די ווילדע מענגע — וואס האט איהר צו טהון ביי נאכט אין שטאדט? איהר האט דאס אונטערגעצינדען דעם טהורם? ווארט, מיר וועלען אונז נוקם זיין אין אייך אלע!

מיט דעם ווארפען זיי זיך אויף די דריי מענער.

פלוצים אבער ציעהט דער פרעמדער מאן ארויס זיין שווערד און רופט:

— בירגער! וואגט עס נישט, מיך אנצורירען! איך בין דער באטשאפטער פונ'ם טירקישען סולטאן סאלים און וועה וועט זיין צו ווענעדיג, ווען איהר וועט מיר עפיס שלעכטס טהון!..

ווי פאנאטיש די מענגע איז נישט געוועזען, ווי פערווילדעט און אויפגעהעצט זי איז נישט געוועזען אין דעם מאמענט, האבען דאך די פאר ווערטער פון דעם פרעמדען מאן אויף זיי געהאט א שטארקע ווירקונג.

דער טירקישער סולטאן איז דעמאלט געוועזען איינער פון די מעכטיגסטע מאנארכען, פאר וועלכען אלע איי־ראפעאישע שטאאטען האבען מורא געהאט. שפעציעל ווענעדיג האט מיט איהם כסדר געפיהרט מלחמות און שוין נישט איינמאל געפיהלט זיין שטארקע פויסט. מיט איהם צו דערשטשעפען איז נישט קיין שפאס - דאס האט אפילו דער פאנאטישע גלח תיכף דערקענט.

— אויב ס'איז אמת, אז דו ביזט דער טירקישער באטשאפטער — זאגט ער צו איהם — וואס'זשע טהוסט דו צוזאמען מיט די יודען? פאר וואס ביזטו נישט איצט אין דאגען־פאלאסט אויף דעם באל גלייך מיט אלע דיינע קאלעגען, די פרעמדע אמבאסאדערן?

— איך ברויך אייך דא קיין דין־וחשבון אבצו־געבען! — ענטפערט דער פרעמדער מאן — פיהרט אונז צום סענאט. דארט וועל איך שוין אלעס אויפקלערען!...

דיעזע קורצע אונטערהאלטונג איז געוועזען גענוג, אבצושוואכען א ביסעל דעם כעס פון דער פאלקסמענגע. דער גלח, איהר אנפיהרער, איז געבליעבען שטעהן נישט־ענטשלאסען, וואס צו טהון.

דערווייל זענען אנגעקומען די שטאדט־וועכטער אונטער אנפיהרונג פון א הויפטמאן. די מענגע דערזע־הענדיג זאלדאטען, ציעהט זיך א ביסעל צוריק.

דער פרעמדער מאן ווענדעט זיך צום הויפטמאן און זיך איהם פארשטעלענדיג זאגט ער:

— פיהרט אונז צום סענאט! איך האב דארט א וויכטיגע ענטדעקונג צו מאכען! לאזט אבער דא צוריק די זאלדאטען, זיי זאלען די טהויערן פונ'ם גהעטא בע־וואכען, כדי עס זאל די יודען קיין שלעכטס נישט גע־שעהען, ווייל זיי זענען אין דעם גאנצען אונגליק נישט שולדיג!

דער הויפטמאן, וועלכער האט א טאג צופאהר געהאט ריענסט אים דאגען־פאלאסט און האט דארט גע־זעהען דעם טירקישען באטשאפטער, דערקענט איהם תיכף און ער בעפעהלט דער פאלקסמענגע זיך צוריקצוציעהען.

ער שטעלט אויף די זאלדאטען ביים טהויער פונ'ם יודישען גהעטא, עס אבצוהיטען פאר אן איבערפאל פון דער פאלקס־מענגע און פיהרט די דריי מענער צום סענאט.

די פאלקסמענגע ציעהט זיך נאר פאוואלי צוריק, שימפפענדיג און דראהענדיג ווייטער די יודען.

(פארטזעצונג קומט).

# כּל־מכּל־כּל.

(א בוידעם — פון דער טראגעדיע א קאמעדיע — דער „העלד" געארג אבנעשמיסען — צוואנגס־יאקע אנשטאט א קעניגס־קרוין — ווער האט זיך בלאמירט — דער פאסט־שטרייק אין פאריז — שלום אש אין טשיריקאוו).

### אויסגעלאזט א בוידעם.

מעהר ווי א האלב יאהר האבען מיר געלעבט אין שרעק און אין דאגות. דארט אונטען אויף דעם באלקאן האבען זיך געריהרט די צונגען און געדראהט מיט א בלוטיגען קריעג, מיט באמבעס און דינאמיט. ענגלאנד האט אונטערגעהעצט. רוסלאנד האט צוגעזאגט אונטער־שטיצונג, און איטאליען האט בסוד צוגעברומט: ס'וועט קומען די שעה, וועל איך נישט שטעהן פון דער ווייטענס.

מען רעכנט זיך אויף א וועלט־קריעג, אויף א מלחמה, וואס וועט איבעראנדערשען די לאנדקארטע פון אייראפא און וועט אנמאכען א איבערקעהרעניש, וועניג־סטענס ווי אין נאפאלעאן'ס צייטען...

און די קריעגסגעפאהר ווערד וואס א טאג שטאר־קער. די סערבען זענען שוין געריסטעט ביז איבער די צייהן. אין מאנטענעגרא האבען אפילו קליינע יונגליך בעקומען פיקסען און שווערדען. ווי להבדיל אונזערע הדר־יונגליך אים „ל"ג בעומרי אדער תשעה־באב. עסטער־רייך־אונגארן פעלייגט אויך נישט די הענד אין דעם שוים. שטילערהייד ווערען גאנצע רעזערוויסטען מאביליזירט; אלע רעזערוויסטען ציטערן פאר א איינבערופענס־קארטע. מען האט מורא פאר א מאביליזאציע. נאך פאר נאך, דער עסטערריייכישער געזאנדטער אין בעלגראד, האט שוין דאס אולטימאטום אין קעשענע. ער ווארט בלויז אויף א טעלעגראפישע ידיעה פון וויען. ער זאל עם איבער־רייכען און דער קריעג איז פארטיג...

פלוצים לאזט זיך נאר אוים א בוידעם!

רוסלאנד ערקלערט, אז עם איז נרייט אנצוערקענען די אנעקסיע; ענגלאנד הערט אויף צו אינטריגירען — און קראנפרינץ געארג פון סערביען, זעהענדיג אז ער בלייבט אליין מיט'ן ביטשעל, איז זיך מישב און פער־ציכטעט אויף אלע זיינע רעכטע.

די סערבישע רעגיערונג וויל שוין נישט מעהר קיין קריעג; זי וויל שוין זיין גוט און פרום און פאלגען, וואס די אייראפעאישע מעכטע וועלען הייסען...

ס'נישטא מעהר קיין באנדעס, קיין פאלקס־בעגייס־טערונג, קיין ענטהוזיאסמוס. דאס סערבישע פאלק איז דאס רוהיגסטע און שטילסטע אויף דער וועלט! פון דעם גאנצען ליארם האט זיך אייסגעלאזט א בוידעם!

* * *

### די טראגעדיע איז געווארען א קאמעדיע!

דער גרויסער נאציאנאלער העלד געארג, מיט וועלכען אלע דיפלאמאטישע פערטרעטער האבען אונ־טערהאנדעלט. פאר וועלכען אלע סערבישע מיניסטער און פארטיי־פיהרער האבען געציטערט. וועלכער איז וואנא־אין קאיזערליכע פאלאסטע אויפגענומען געווארען מיט גרויס כבוד — אט דיעזער העלד האט איצט א פנים, ווי א אבגעשמיסען חדר־יונגעל... אבגעשמיסען און גע־שטעלט אין „קונע"...

איצט לאכט פון איהם דער איינענער טאטע, וואס האט ערשט נעכטען געציטערט פאר זיין בליק. די איי־גענע מיניסטער, די איינענע פארטיי־פיהרער, די איינענע פרעסע — אלע, אלע לאכען פון איהם, מאכען פון איהם חוזק, דערצעהלען זיך אלע מעשיות און שמר־שטיקלעך וואס עם האט אבגעטהון און בעטראכטען עם פאר א גליק פאר סערביען, וואס מען איז זיינער פטור געווארען! און מיט רעכט! א מענש, וואס טהוט אזוינע מעשים, וואס לאזט זיינע אדיוטאנטען, עלטערע אפיציערע, ארומ־קריעכען פאר איהם אויף הענד און פים, וואס צווינגט זאלדאטען צו עסען געפנר'טע מייז, וואס לויפט נאך מיט א בייטש דעם מיניסטער־פרעזידענט, וואס צערט'עט מיט די קאפיטעם פון זיין פערד אונשולדיגע פרויען אויף אפענער גאס, וואס לערנט זיך שיעסען אויף די קעפ פון זאלדאטען, וואס אטאקירט אויף הויפבעלער דאמען פון דער דיפלאמאציע — בקצור, איינער וואס פערדיענט נאר נישט דעם נאמען מענש, געהערט מעהר אין א דול־הויז איידער אין א קעניג־פאלאץ. ער בדויכט טראגען די צוואנגס־יאקע און נישט א קעניגס־קרוין!

אבער איז דען דאס אלעס געוועזען א סוד ביז איצט? האבען די פרעמדע דיפלאמאטען דאפון נישט געוואוסט? האבען די מיניסטער, די געגעראלע, די אפי־ציערע, די פרעסע און דאס פאלק פון אלעם דעם נישט געוואוסט? וואס האבען זיי זיך עפים איצט פלוצים דער־מאנט אין אלע די מעשיות?

ניין! נישט געא־ג האט זיך בלאמירט; נישט פון איהם דארף מען חוזק מאכען — נאר פון זיי: פון די דיפלאמאטען, פון די מיניסטער, פון די פארטיי־פיהרער, פון דער פרעסע! זיי האבען געשפיעלט די קאמישע ראלע אין דעם גאנצען שטיק!

פרינץ געארג איז א נייסטיג ענטארטעטע אינדיווידיום! לויט זיינע אלע „קונסטשטיקלעך" קען מען איהם נאר נישט פעראנטווארטליך מאכען פאר זיינע מעשים... יעדעם געריכט וואלט איהם געמוזט פריישפרעכען אלס נישט צורעכנונגס־פעהיג, אלס א מענש, וואס ווייסט נישט, וואס ער טהוט!

שולדיג אבער זענען זיינע מיטהעלפער! שולדיג זענען דיעיעניגע, וואס האבען איהם אונטערגעהאלטען, איהם צוגעברומט, זיך אונטערגעווארפען זיין ווילען און געטאנצט נאך זיין פייפעלע!

און ווען די מעשה זאל נישט געוועזען ארויסקומען צו דער רעכטער צייט; ווען געא־ג זאל געוועזען בלייבען קראנפרינץ נאך איין טאג, וואלטען מיר שוין היינט געהערט שיעסען די קאנאנען און קנאקען די מאשינען־געוועהרע, וואלטען טויזענדער אונשולדיגע מענשען גע־מוזט בעצאהלען מיט זייער בלוט פאר דעם שגעון פון דעם ענטארטעטען ווילדען יונג און פאר דעם פערברע־כערישען לייכטזין פון אזויפיעל דיפלאמאטען, מיניסטער, געגעראלע, פארטיי־פיהרער און רעדאקטערע!

עס גרוילט אוש, ווען מען דערמאנט זיך, וואס ס'וואלט געווען געשעהען, ווען געא־ג בלייבט קראנפרינץ נאך עטליכע טעג!

* * *

### ס'האט זיך אויסגעלאזט א בוידעם!

א בוידעם פון אלע ענגלישע שפעקולאציעס; פון די איטאליענישע האפנונגען און פון די אינטריגעס פון געוויסע רוסישע שאוויניסטען! די פע־אנטווארט־ליכע קרייזע האבען נאך אין דער לעצטען מינוט גע־רופען: „השיכנו נאזאר!" און די וועלט איז בעפרייט געווארען פון א שרעקליכען בלוטיגען קריעג!

דער „וועלט־פריעדען" האט איבערגעלעבט פרינץ געארגים שגעון און אלע דיפלאמאטישע און מיניסטער־יעלע אינטריגעס! דער געזונדער מענשען־פער־שטאנד האט געזיעגט איבער אלע נארישע פראזען און געקינסטעלטע פער־וויקלונגען!

פונ'ם וועלט־קריעג האט זיך אויסגעלאזט א בוידעם!

* * *

א בוידעם האט זיך אויסגעלאזט פון נאך אנ'־אנדערער מין אינטריגע.

זייט יאהרען קענען עם די קלעריקאלען און די עקסטרעמע סאציאליסטען אין פראנקרייך נישט דער־טראגען, וואס די ליבעראלע רעפובליקאנער הערשען אין לאנד. זיי ווענדען אן כל מיני אינטריגעס שבעולם, די פרייהייטליכע רעגיערונג צו שטירצען.

ביז איצט זענען אלע שפעקולאציעס נישט גע־לונגען. דאס פראנצעזישע פאלק געדענקט נאך גיט די דרייפוס־אפערע און וויל בשום אופן נישט צולאזען די פיהרער קלעריקאלע און מאנא־כיסטישע אינטריגאנטען צום רעגיערונגס־טיש.

פאריגע וואך האבען די אינטריגאנטען אויסגע־פיהרט זייער שענסטעם קונסט־שטיקעל. זיי האבען א־אנ־שירט א שטרייק פון די פאסט־ און טעלעגראפען־בעאמטען.

זיי האבען געמיינט, איצט האבען זיי אבגעשאסען דעם פוינעל!

כטייטש, אין דער היינטיגער מאדערנער, געדוועהטער וועלט, אין דער צייט פון טעלעפאן און אויטאמאביל, זאל עם זיין מעגליך, אז מענשען זאלען קענען לעבען עטליכע טעג אהן בריעף, אהן טעלעגראמעס, אבגעהאקט פון דער איבריגען וועלט! — אזוי האבען זיי גערעכענט. האלטענדיג אזא צושטאנד פאר נישט־מעגליך. ס'וועט זיכער באלד אויסברעכען א רעוואלוציע אים גאנצען לאנד און דאס מיניסטעריום קלעמענסאה וועט א־אב פונ'ם בענקיל בחרפה ובבושה! ס'האט זיך אבער אויס־געלאזט א בוידעם.

רוהיג און געדולדיג האבען די פאריזער איבערגע־טראגען דעם שטרייק! עם האט זיך ארויסגעשטעלט, אז די מענשען זענען נאר געוועהנט. ווען זיי ערווארטען עפים אין א בעשטימטער שעה! בעדארף דער בריעפט־רעגער קומען 9 א זייגער אין דער פריה, קען דער סוחר, דער באנקיער, דער רעדאקטאר זיך אויף איהם נישט דער־ווארטען. ווען מען ווייסט אבער, אז ער קומט נישט, שאדט דאס גאר נישט. לאז זיך דאכטען, אז ס'איז היינט זונטאג אדער פייערטאג. ווען מען בעקומט נישט קיין פאסט!

און די פאריזער האבען זיך אנגעגארטעלט מיט געדולד און געווארט; אנשטאט פריהער 8 מאל אין טאג קומט איצט דער בריעפטרעגער בלויז 1 מאל — שאדט אויך נישט! די גרויסע באנקיערען, די פאבריקאנטען און די קויפלייטע האבען זיך געהאלטען ווי אין דער באבע יעגעם צייטען! מען האט ארויסגעשיקט א שליח־מיוחד ביז צו דער גרעניץ און דארט אויפגעגעבען און עמפפאנגען די בריעף. אויף דעם זענען דאך פאר־האנען בליצציגע, מיט וועלכע מען קען אין עטליכע שעה פאהרען פון פאריז קיין בערלין און צוריק...

הכלל נאך עטליכע טעג האבען די פאסטבעאמ־טען נאכגעגעבען, די רעגיערונג איז געבליעבען אויף דעם בענקיל און פון אלע קלעריקאלע און סאציאליסטישע אינטריגעס האט זיך אויסגעלאזט א בוידעם!

* * *

א בוידעם לאזט זיך אוים פון די בעשט־עבונ־גען פון „אונזערע" „יונגע" ליטעראטען, זיך אריינצוהאפען אין די מארערנע ליטעראטורען!

שלום אש און זיינע חברים. קוים האט מען אי־בערגעזעצט עטליכע זייערע שטיקלעך אין רוסיש, האלטען זיי זיך שוין פאר רוסישע שריפטשטעלער און ווילען זאגען דעות אין דער רוסישער ליטעראטור!

זיי האבען אבער דיעזע טעג בעקומען א קלארע און דייטליכער תשובה: שוסטער, בלייב ביי דיינע לייסטען!

זענד איהר יודישע שריפטשטעלער, בלייבט־זשע ביי דער יודישער ליטעראטור און פערדרעהט נישט א קאפ מיט אייערע מעשיות! אויב אייערע זאכען געפעלען אונז, וועלען מיר זיי שוין איבערזעצען, אזוי ווי מיר איבערזעצען גוטע זאכען פון פראנצעזישע, ענגליש נארוועגיש וכדומה. אבער אויפדרעגנען אונז אלע אייערע שטותים, וואס דאס איינענע פאלק קען עם נישט צוקייען — דאס „לא" מיט א גרויסער אלף!

פון אזוינע קריעכערייען וועט זיך אויסלאזען א בוידעם!

* * *

אט אזוי לאזט זיך אוים א בוידעם פון אלע נארישקייטען און מיר וועלען אי"ה האבען א גוטען פסח.

## פסח ביי די „שמרונים".

אין ארץ ישראל, אין דער שטאדט „שכם", ביים בערג „גריזים" געפינען זיך נאך ביז היינט די רעשטליך פון די שמרונים, פון דעמיעניגען פאלק, וועלכעס דער קעניג פון אשור האט נאך דעם גלות פון די עשרת

השבטים רא־ט אנגעזידעלט און וועלכעם האט אנגענו־
דעם יורישען גלויבען, ביבעהאלטענדיג נאך פיעל פון
זייערע פריהערינע אלטע מנהגים.

די שמ־ונים האבען אין דער צייט פון בית־
שני און נאך דעם הורבן זעהר פיעל דערקוטשעט
די יודען. אזוי אז זיי האבען זיך אים גאנצען פון זיי
אבגעטהיילט און זענען געבליעבען א בעזונדער פאלק ביז
אויף דעם היינטיגען טאג.


פסח ביי די שמרונים: דער כהן־גדול פון די שמרונים.

זייער גלויבען בעשטעהט אין א געמיש פון אלט־
יודישקייט מיט הייזענטהום. זיי בעזיצען א ספר־תורה,
וועלכעם איז אויף פיעל ערטער אנדערש ווי אונזערע.
זייער לשון און זייער כתב האבען זיי בעהאלטען ביז
היינט.

די שמרונים צעהלען היינט קוים 400 זעעלען.
זייט עטליכע צעהנדליגג יאהרען פערמעהרען זיי זיך נישט.
זיי זענען זיך משדך נאר אונטער זיך, און מיט דער צייט
וועלען זיי אים גאנצען פערשווינדען.

אויף דעם בארג „גריזים“ בעזיצען זיי אנ'א־ט
בית־המקדש. אין וועלכען עס געפונען זיך זייערע ספרי־
תורות און אנדער'ע רעליגיעזע ספרים. זיי בעזיצען „כהנים“
און „כהנים גדולים“, וועלכע זענען מקריב קרבנות און
האבען א שטארקען איינפלוס בים פאלק.

דער גרעסטער יום־טוב פון די שמרונים איז פסח.
אין וועלכעם זיי זענען מקריב דאם קרבן־פסח מיט פער־
שיעדענע צערמאניעם.

א אייראפעא'שער רייזענדער. וועלכער האט זיי
בעזוכט און געהאט געלעגענהייט. צוצוזעהען דיעזע צער־
מאניעם. דערצעהלט דאריבער פאלגענדעס:

„ערב פסח א האלבע שעה פאר נאכט פערזאמלען
זיך די שמרונים נעבען א קליין בערגיל אויסערהאלב פון
דער שטאדט, וועלכער איז ארומגעצייםט מיט א שטיי־
נערנעם צוים. נעבען דעם בערגיל געפונט זיך א לאנגע־
נישט זעהר טיעפער גרוב, אין וועלכען עס ברענט א
פייער אונטער צוויי גרויסע מיט וואסער געפילטע קעסעל.
א ביסעל ווייטער געפונט זיך א צווייטער, 10 פוס טיע־
פער גרוב, אין וועלכען ס ברענט א פייער.

דער כהן־גדול טראגט א גרינעם מאנטעל מיט א
רייך־פערציערטעם נא־טעל און מיט א טירקישען א־דען
אויף דער ברוסט. ער שטעהט מיט'ן פנים קיין מערב־
זייט און מורמעלט שטילע תפלות. די איבריגע מענער
טראגען לאנגע, ווייסע מענטעל מיט ווייסע גארטלען און
ווייסע טורבאנס.

אין דער זייט שטעהען 7 לעמעליך, שעהנע אויס־
געוועהלטע בהמות פון ריינער סירישער ראסע.

ווען ס'ווערט דונקעל, הייבט זיך אן דער גאטעס־
דיענסט מיט א געזאנג און א פא־טוועהרענדעם ניעדער־
קניען. נאך דער תפילה לויפען אלע מענער צו דעם
ערשטען גרופ. די לעמעליך ווערען צונעפיה־ט און די
שוחטים שטעהען אנגעגרייט מיט די מעסערס אין די
הענד.

די זון שיקט נאך איהר לעצטען שט־אהל פון
הינטער דעם בארג. אין דעם מאמענט גיבט דער כהן־
גדול א צייכען, און בליצשנעל קוילען די שוחטים די 7
קרבנות.

די מענער אומא־מען און קושען זיך מיט גרויס
פרייד. אלע קושען דעם כהן־גדול די הענד. דערנאך
איילט יעדע גרופע צו איהר קרבן, מען הענגט עס אויף
ציהט אב די פעל און שנייט אויס־די רעכטע פלייצעס,
וועלכע געהערען צום כהן־גדול.

איצט שטעקט מען זיי אויף לאנגע שפיזען און
פעש־ט מיט זאלץ. עס ווערען אנגעצינדען לעכט, דרי
דער כהן־גדול זאל די קרבנות אונטערזוכען, אויב זיי
זענען אלע כשר. געפונט זיך א טרפה'נער קרבן, מוז מען
נעהמען איין אנדערען און מיט איהם מאכען נאכאמאל
די גאנצע צערמאניע.

נעגען 9 א זייגער אבענדס שטעלען זיך די ווייס־
געקליירעטע מענער ביי דעם אפענעם גרוב. אין וועלכען
עס ברענט א העל פייער.

די ערשטע 7 מענער האלטען די אויף שפיזען
אויפגעשטעקטע קרבנות אין די פלאמען און דרעהען זיי
כסדר ארום. זינגענדיג דאביי תפלות מיט א מאדנעם,
מילדעם ניגון. דערנאך ווערט דער גרוב צוגעדעקט מיט
א שווערער אייזערנער דעק, אויף וועלכער מעןווארפט
גאך אן ערד און גראז. ביז די פלאמען ווערען פערלא־
שען אין די קרבנות בראטען זיך ווייטער אויף די בלויזע
קוילען.

אלע אנוועזענדע פערזאמלען זיך איצט אין א גע־
צעלט. אין וועלכען דער כהן־גדול האלט פאר זיי א רע־
ליגיעזע דרשה. דערצעהלט זיי פערשיעדענע מעשיות פון
משיח, תחית־המתים און אנדערע רעליגיעזע איבערליע־
פערונגען.

די דרשה דויערט ביז נעגען 11 א זייגער ביי
נאכט. דעמילט פערזאמלען זיך די מענער ווידער ביים
גרוב. נאך א קורצער תפלה עפענט מען דאם דעק און
ציהט ארוים דאם געבראטענע פלייש, פון וועלכען מעהר
ווי די העלפט איז שוין אים גאנצען פערברענט. שנעל
פערפאקט מען דאם אין מיטגעברענגטע קוישען, וועלכע
מען טראגט אויף דעם פעסט־פלאץ.

דא ווערט ווידער אבגעזינגען א לאנגע תפלה.
דערנאך טהיילט זיך יעדע גרופע אב און עסט דאם פלייש
צוזאמען מיט ביטערע חריין און מצות. וויין טרינקען זיי
נישט, וויל אין דער תורה ווערד דאריבער נאר נישט
ערוועהנט.

זיי זענען זעהר פארזיכטיג. עס זאל חלילה קיין
איינציגער ביין נישט צערבראכען ווערען. די פרויען און
די קינדער ישיקט מען א היים זייערע חלקים.

וואס עס בלייבט איבער. ווארפט מען צוריק אריין
אין גרוב כדי עס זאל אים גאנצען פערברענט ווערען.

און דאמיט איז די צערמאניע געענדיגט.

די מייסטען ט־אגען אין די הענד גרויסע שטע־
קענס, וועלכע זיי לעגען נישט אוועק אפילו ביים עסען.
די טהירען פון די הייזער ווערען בעשמירט מיט בלוט.

נאך מיטערנאכט געהט יעדער צו זיך א היים“.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער די ביל־
דער פון דעם היינטיגען כהן־גדול און דעם סגן־הכהנים
פון די שומרונים.

דער סדר־אבענד ווערד ביי די יודען אין די מזרח־
לענדער אבגעהאלטען אונטער די פערשיעדענסטע צער־
מאניעם און מנהגים.

זעהר אינטערעסאנט איז דאם התנהגות פון די
צעכניבאלער (קאווקאז) יודען אים פסח. זיי שיקען פסח
ארום שלח־מנות, אזוי ווי מיר דא, אים פורים. חול־
המועד מאכען זיי סעודות און פערבעטען זיך איינער
דעם אנדערען, מען איז זיך משמח ביי א גלעזעל משקה.
צו די סדר־נאכט קומען זיי זיך צוזאמען צום רב. און
אז מען קומט צום פסוק „בכל דור ודור חיב אדם לראות
את עצמו כאילו הוא יצא ממצרים“, וויקעלט איין דער
רב א שטיק מצה אין א טיכעל, נעמט עס אויף די
פלייצע, און לויפט א־ום אין שטוב, אויף און אב. דאם
איז דאם סימבאל צום זכר ליציאת־מצרים. און שטאט
מיר בעדיענען זיך מיט פע־שיעדענע ירקות אויף א זכר,
בעדיענען זיי זיך נור מיט חרוסת, וואס ווערד געמאכט
אלס זעהר א פיין מאכל, אוים נוס, מאנדלען, מצה־מעהל
און וויין, און דאם קאכט מען אב גאנצע טעפ, און מען
עסט דאם מיט לעפעל.

די בוכארישע יודען מאכען דעם סדר זעהר שעהן,
פונקט אזוי ווי מיר דא, די הגדה פערטייטשען זיי פאר
די ווייבער און קינדער אין דער שפראך, וואס זיי רעדען
דא־ט. ביי „שפוך חמתך“, ווען מען עפענט די טהיר,
לויפט דאם גאנצע בני־בית אקעגען דעם טייערען גאסט,
אליהו הנביא. וואס איז א רואה ואינו נראה, בעגריסען
איהם מיט א בריטען „ברוך הבא“ און קוקען אויף איהם
מיט מורא און כבוד. נאכ'ן גאנצען קאפיטעל בעלייטען
זיי איהם ביז צו דער טהיר. די חסידים געהען נאך דעם
נביא ביז אויסער דער שטאדט.

אין דער שטאדט דעראבאנד (טורקעסטאן) געהען
די יודישע ווייבער פאר פסח אין די טערקישע פעלדער,
צוזאמען צו קלויבען ווייצען־זאנגען. די ווייבער דרעשען
אליין, מאהלען, קנעטען דאם מעהל, און באקען מצות
אין איינענס דאצו געמאכטע אייזוענס אונטער דער ערד.
די מצות לייגען זיי נישט אין אויווען אויף דער „פאר־
סאדסקי“, נור זיי קלעבען זיי ארום אויף די וואנד, און
ווען די מצות ווערען „פארטיג“, פאלען זיי אליין א־אב.

די יודען פון דאגעסטאן (קאווקאז) מאכען די
סדר־נעכט ביים „חכם“. אזוי רופען זיי אן זייער רב. די
מענער מיט די ווייבער קומען אנגעטהון אין די שענסטע
קליידער. די ווייבער געהען איינגעהילט אין טייערע טיכער,
אויסגעפוטזט מיט לאנגע שנורען קרעלען, מיט אוירינג
און מיט אר־עם־בענדער אויף די הענד; און די מענער
געהען מיט'ן איינגעלאנצטען כלי־זין, אנגעטהון גאלדענע
גארטלען. אין א גרויסען און ברייטען זאאל שפרייט מען
אוים אויף דער ערד טייערע קאצען און טעפיכער. און
אזוי ווי עס איז דער מנהג ביי אלע פעלקער אין די
מזרח־לענדער, זעצען זיי זיך אויף דער ערד אין צוויי
בעזונדערע שורות, עקסטער די מאנסבילען, און בעזונדער
די ווייבער. דער „חכם“ לייגט זיי פאר די הגדה אויף


פסח ביי די שמרונים: דער סגן־הכהנים פון די שמרונים.

פערסיש. און דער עולם הארכט אויפמערקזאם צו; און
נאכ'ן סדר זינגען זיי נאציאנאלע ליעדער און פערשיע־
דענע „פיוטים“.

די יודען פון יעמען (תימן) זענען זעהר מדקדק אין
די פסח'דיגע דינים, די מצות זייערע זענען כשר און אב־
געהיטען, די הגדה פערטייטשען זיי אויף אראביש. כדי
די ווייבער מיט די קינדער זאלען זי אויך פערשטעהען.

בשעת דעם סדר, זיצען זיי אויף דער ערד, די מצות מיט די כוסות זענען געארדנעט אויף א קליינעם נידריגען טיש. דער עלטסטער פון דער משפחה דרעהט זיך ארום אין שטוב אויף און אב, און אין דער האנד האלט ער א מצה איינגעבונדען אין א טיכעל. דאס בני־בית פרעגט: „מה העבודה הזאת לכם", וואס טהוט איהר דאס עפּיס? און יענער ענטפערט: „כן עשו אבותינו בצאתם ממצרים". אזוי האבען אונזערע עלטערן געטהון, ווען זיי זענען ארויס פון מצרים, און ווען זיי האלטען ביים קאפּיטעל „דיינו", זאגט דער עלטסטער דעם פסוק ביז דיינו; און דאס בני־בית קלאפּט אויף דעם טיש, און שרייט הויך כסדר: „דיינו", אזוי ביז צום סוף פון'ם קאפּיטעל.

די ערשטע סדר־נאכט מאכען די קוטאאיסישע יודען (קאווקאז) גלייך ווי מיר דא אין אייראפּא. דאגעגען אבער די אנדערע סדר־נאכט קומט פאר א וואונדערבארע צערמאניע, וואס שטעלט פאר אין העלע פארבען די מדות פונ'ם גלות־יוד. דאס בילד פונ'ם אומגליקליכען נע־ונד־ניק, זיין שלעכט און ביטער לעבען, וואס עס איז תמיד פול מיט שרעק און פחד. מען טהוט אן א יונגעל א לאנגען מאנטעל מיט א ברייטען גארטעל, א זאק אויף די פלייצעס און א שטעקען אין דער האנד. און ער נעהמט ארויס פון דער שטוב. באלד קעהרט ער זיך אבער צוריק, און קלאפּט אן אין דער טהיר. „ווער איז דארט?" פרעגט איהם דאס בני־בית. „א יוד! א יוד! פון א ווייט לאנד!" ענטפערט דאס יונגעל. „און וואס איז דער סימן, אז דו ביזט א יוד?" פרעגט מען ווייטער. „די ציציתביי מיינע ארבע־כנפות", ענטפערט ער. אבער דער סימן איז נאך נישט גענוג, און מען לאזט איהם נישט אריין. זיי זענען זעהר פארזיכטיג און היטען זיך פאר מכשולים. אין דער לאנגער צייט פון זייער ביטערען גלות האבען די ווערטער „ליל־שמורים" אנגענומען דעם פראסטען פשט, היינו, א נאכט, וואס יודען מוזען זיך אב היטען פון שלעכטע בעגעגנישען, און פון א יעדער געפאהר. ווארען זיי האבען זיך שוין גענוג אין דער נאכט אנגעליטען צרות. איבערדעם פערלאנגען זיי פון דעם יונגעל נאך סימנים; און ער ניט זיי אזוי לאנג ביז מען איבערצייגט זיך שוין, אז ער זאגט דעם אמת. און מיט פרייד און געזאנג דערצעהלט ער זיי אז ער שטעהט נאך אלץ אונטער דער טהיר — אז ער קומט צו פוס פון דער הייליגער שטאדט ירושלים, און האט מיט זיך א גרוס פון דער כותל־מערבי. וואס גריסט אלע יודען, וואס בענקען נאך איהר, ערשט אצינד ווערד איהם אויפגעעפענט די טהיר. דאס גאנצע בני־בית גיבען איהם „שלום", און פרעגען איהם וועגען נייעס, וואס מען הערט אין ארץ ישראל. ער ענטפערט זיי כסדר גור גוטס און טרייסט־ווערטער. דערנאך לאזט מען זיך וואויל־געהן מיט עסען און טרינקען, מיט טאנצען און זינגען און אין די שטוב איז לעבטיג און פריילך.

# א שרעקליכע סדר־נאכט.

(זכרונות פון מיין יוגענד).

די מעשה מיט סערביען און מיט'ן קראנפרינץ געארג, וועלכער האט א האלבע וועלט אויפגערעגט און ארויסגערופען א שרעק און א וועלט־מלחמה, און צום סוף האט עס זיך געענדיגט מיט גאר נישט. דערמאנט מיך אין א ערלעבעניש פון מיינע יונגער־יאהר־ען, וועלכעס איך וויל דא דערצעהלען.

ס'איז געווען אין אנפאנג פון די 80־יאהרען פונ'ם 19־טען יאהר־הונדערט. אין א שטרענגען קאלטען ווינטער.

אין באסניען און אין דאלמאציען איז דעמילט אויסגעבראכען א אויפשטאנד און פון גאליציען זענען אבגעגאנגען עטליכע רעגימענטער זאלדאטען, דעם אויפשטאנד צו אונטערדריקען.

פון מיין פאטער־שטאדט D. זענען אבגערופען געווארען פיעל יודישע רעזערוויסטען, און כמעט אין אלע יודישע הייזער האט זיך געהערט א געוויינעריי און א געקלאגעריי ווענען די זוהן, ברידער, טאטעס און מאנען, וואס זענען א וועג אין „קריעג"...

דער „קריעג" האט זיך באלד געענדיגט.

די רעזערוויסטען זענען א היים געקומען און דערצעהלט פערשיעדענע מעשיות פון די גרויזאמקייטען, וועלכע די „באסניאקען" האבען בעגאנגען אין די געפאנגענע עסטרייכישע זאלדאטען...

מען האט נישט געוואוסט פון וואס און פון וואנען, פלוצים, ס'איז געווען פורים־צייט, איז א־וים א קלאנג, אז די „באסניאקען" קומען קיין גאליציען זיך נוקם זיין אין די יודען, ווייל זיי האבען געהאלפען דעם אויפשטאנד צו אונטערדריקען.

און באלד איז אין גאנ'ץ D. פערברייטעט די ידיעה, אז פסח צו דער סדר־נאכט וועלען די באסניאקען צוזאמען מיט די בויערן פון דער אומגעבונג איבערפאלען די שטאדט און אויסקוילען אלע יודען.

ס'איז געווען 20 יאהר פאר קישענעוו. דאס ווארט „פאגראם" איז נאך געווען אונבעקאנט. אבער אין דער פאנטאזיע פון אונזערע יודעליך האט עס זיך גאנ'ץ גוט פאר־געשטעלט. ווי די בויערן וועלען איבערפאלען די יודישע וואהנונגען, אויסקוילען די מענער, ווייבער און קינדער, אויסרויבען אלע שטוב־זאכען און אינטערצינדען די הייזער...

עטליכע יודען האבען זיך דערמאנט אין אזוינע איבערפעלע אין די יאהרען 1848 און 1863 און האבען זיך אנדערצעהלט פערשיעדענע שרעקליכע מעשיות פון דיעזע צייטען, ווען די „פאליאקען" האבען אנגעטהון די יודען געבראטענע צרות...

מיר חדר־יונגליך האבען אבגעלעבט די 4 וואכען פון פורים ביז פסח אין דער גרעסטען שרעק...

אבער אויך די עלטערע מענשען האבען די זאך גענומען גאנ'ץ ערנסט. אין דער היים פלעג איך שטענדיג הערען רעדען וועגען דעם און דער טאטע האט דערצעהלט, ווי אים יאהר 1863 האט מען אין מיטען דער נאכט אריינגעווארפען שטיינער צו אונז אין שטוב און איין שטיין האט געטראפען אין פנים די מאמע, וועלכע איז נראד דעמילט געווען א קימפעטארען...

וואס נעהנטער דער פסח האט אנגערוקט, אלס שטארקער איז געווא־ען דער פחד אין שטעדטיל. פאר די „באסניאקען" האט מען שוין נישט אזוי שטארק מורא געהאט, עס איז דאך געווען חוץ לדרך־הטבע זיי זאלען קענען אזוי פשוט קומען פון באסניען ביז אין אונזער אסטגאליציש שטעדטעל. אבער פאר די בויערן האט מען טאקי געהאט גרויס פחד...

ס'איז געווען א שווע־ער ווינטער נאך א שלעכטען זומער, דער בויער איז א גאנצען ווינטער אויסגעגאנגען פאר הונגער. די פוילישע און רוטהענישע צייטונגען האבען גראד דעמילט אנגעהויבען צו העצען געגען יודען... א קשיא אויף א מעשה — ווער ווייסט, וואס ס'קען געשעהען!

הויך־לוזה איז ביי די וויבארעס אין דעם געמיינדע־ראטה געקומען צו א שטארקען קאמפף צווישען די יודען און די „מיעשטשאנעס". די יודען האבען טאקי געזיעגט, און אין דער נאכט נאך דער וואהל זענען שכור'ע מיעשטשאנעס ארומגעגאנגען אין שטאדט, רופענדיג: „שלאגטס די יודען!"

אין „חדר" פלעגט יעדעס יונגעל ברענגען נייע „שמועות" וועגען די פארבערייטונגען צו דער שרעקליכער נאכט. אונזער רבי ר' אברהמ'יל, פלעגט ביים אויסהערען זיך בלומריש געמאכט האריץ, זאגענדיג: „אי וואס, נא־יישע גוים! די סדר־נאכט, אין וועלכע ס'זענען אונז געשעהען אזוי פיעל נסים, האבען זיי זיך אויסגעקליבען אויף אונז! דאס וועט זיכער נישט געראטהען! וואלטען זיי זיך געוועזען אויסגעקליבען „תשעה־באב", וואלט טאקי געווען וואס מורא צו האבען, דאס איז א טאג „מוכן לפורעניות". אבער די סדר־נאכט!... ליל שמורים!...

מיר האבען אבער געזעהן, אז דער רבי זאגט נאר אזוי; זיין האריץ האט דאבייא גאנ'ץ גוט געציטערט...

אין גרויס פחד און בהלה האבען מיר דערלעבט די סדר־נאכט. די טאטעס און די מאמעס זענען דעם גאנצען ערב־פסח ארומגעגאנגען מיט אראבגעלאזטע קעפּ אנגעגרייט אלסדינג ווי ס'בעדארף צו זיין, אבער עפּיס אהן א חשק, אהן א כ־ען, ווי אלע יאהר. קיינער האט קיין ווארט גערעדט, וואר־ען „אל תפתח פה לשטן", אבער יעדער האט ביי זיך געקלערט: „צו וואס טויג דאס אלעס! ווער ווייסט, אויב מיר וועלען זוכה זיין צו טרינקען דעם ראזשינקע־וויין, צו עסען דעם מרור מיט די חרוסת, די מצות מיט די אייער!"

אין קלויז פאר מעריב איז דער עולם געשטאנען קופּקעלעך־ווייז און איבערגעשמועסט די גאנצע מעשה. עלטערע יודען האבען דערצעהלט פערשיעדענע מעשיות, ווי אזוי די גוים האבען זיך שוין נישט איינמאל אנגעגרייט אויסצוקוילען די יודען אין דער סדר־נאכט און ווי תמיד האט אונז נאט ברוך־הוא מציל געווען פון זייערע הענד...

— וואס טויגען אונז די אלטע מעשיות — זאגט ר' האצקעל דער בעל־תפלה — האט איהר א מאל געהערט די מעשה מיט'ן גולם? ניין! האר־כט־זשע צו, וועל איך דערצעהלען:

אין די צייטען פונ'ם מהר"ל מפראג איז געווען אזא מעשה ווי ביי אונז. די גוים האבען זיך צוזאמענגענומען און געפלאנעוועט, צו דער סדר־נאכט אויסצוקוילען אלע יודען. די יודישע קהלה האט געלעבט אין דעם גרעסטען שרעק. מען איז איבערגעלעגען ביים מהר"ל און פערלאנגט, ער זאל זעהען עפּיס צו טהון, אז אזא הייליגע קהלה ווי פראג זאל נישט חס־ושלום חרב ווערען...

דער מהר"ל האט די גאנצע צייט געשוויגען ווי די וואנד... אויף אלע טענות און בכיות האט ער נאר געענטפערט: גאט וועט העלפען!

ערב־פסח איז ער ארויסגעגאנגען מחוץ־לעיר מיט זיין שמש. דא־ט האבען זיי אויסגעגראבען ליים און דער מהר"ל האט פון דעם ליים געקנעטען א מענש מיט א קאפּ, הענד און פוס, א ליימענעם גולם...

דעם גולם האט ער אנ'ידערגעשטעלט ביים טויער פון דעם יודישען פיערטעל און געהייסען דעם שמש אכטונג געבען א גאנצען טאג, ס'זאל צו איהם קיין נפש נישט צוקומען.

פאר־נאכט ווען דער מהר"ל איז געגאנגען דאווינען אין שוהל, נעהט ער צו צום גולם, שטעקט איהם אריין זיין שטעקען אין דער האנד, לייגט איהם ארונטער אונטער דער צונג א הייליגען „שם" אנגעשריבען אויף פארמעט און זאגט איהם עפּיס א סוד אין אויער... דערנאך געהט ער אין שוהל אריין און זיין פנים לייכט פאר שמחה.

נאכ'ן דאווענען הייסט ער יעדען א היים געהען און אפּרעכטען דעם סדר ווי גאט האט געבאטען.

ביי נאכט זענען טאקי די גוים איבערגעפאלען דאס יודישע פיערטעל, אבער ווי זיי קומען צו צום טויער איז זיי דער גולם מכבד מיט אזוינע שטעקענעס, אז זיי אנטלויפען אין דער גרעסטען בהלה... זיי שלאגען צוריק, בעווארפען איהם מיט שטיינער — אבער איהם שאדט גאר נישט... ס'איז בלויז א ליימענער גולם. הכלל, זיי אנטלויפען אין דער גרעסטער בהלה און פערזאגען שוין א צעהנטען, נישט אנצוהייבען מיט יודען...

א גאנצע נאכט שטעהט דער גולם אזוי אויף זיין ארט. אלס שטרענגער שומר פאר'ן יודישען פיערטעל... אין דער פריה נעמט ביי איהם דער מהר"ל ארויס דעם שם און דעם שטעקען און ער בלייבט ווייטער א ליימענער גולם, וואס קען זיך נישט ריהרען...

ער ליעגט נאך ביז היינט אויף דעם בוידעם פון דער אלט־ניי־שוהל אין פראג!" —

— פי, פי, פי! — פאטאקעוועט דער עולם מיט גרויס בעוואונדערונג — א. קליינינקייט, דער מהר"ל מפראג — ווי נעמט מען אבער היינט אזא מהר"ל?

— שא וואס דארף מען געהן אזוי ווייט, אוש ביז צום מהר"ל מפראג — זאגט ר' שמעיה דער יושב — איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה פון א היינטיגען, פונ'ם טשעכעטשינער צדיק זכותו יגן עלינו, וואס איז ערשט פאר 5 יאהר נפטר געווארען.

אין טשעכעטשין האט זיך אויך געט־אפען אזא עסק... די בויערים האבען זיך געפונטעוועט געגען יודען און געפלאנעוועט א איבערפאל צו דער סדר־נאכט...

מיין טאטע עליו־השלום האט מיר דאס אליין דערצעהלט. ער איז געווען באותו מעמד... די חסידים האבען איינגעלייגט וועלטען, אבגעשלאגען דעם רבי׳ן די טהירען, דער רבי אָבער שווייגט און שווייגט.

ערב־פסח לאוט דער רבי מודיע זיין, אז אלע יודען זאלען קומען דאווינען מערב מיט קיטלען, ווייסע נאַרטלען און ווייסע יאַרמעלקעס, ווי אין יום־כפור...

ס׳איז אזוי געשעהען און נאך מעריב פיהרט זיי דער רבי אַרויס אויף דעם בית־הקברות און הייסט זיי ראַט וואַרטען ביז די פויערים וועלען קומען...

געגען 9 א זייגער ביי נאכט קומען פלוצים אן גאַנצע הויפענס פויערים מיט דראָנגען, העק, זעגען, קאָסעס און טערפעס און לאָזען זיך אין די יודישע גאסען אַריין...

דעמילט הייסט דער רבי אלע יודען אַרויסגעהן מיט רוהיגע שריט צו דער שוהל. קיינער זאל רעדען א ווארט... ווי די פויערים דערזעהען עטליכע הונדערט ווייס געקליידעטע בריאות רוקען זיך אַרויס פונ׳ם בית־הקברות, פחד ורעדה יאחזון, הייבען זיי אן צו ציטערן ווי פאר׳ן מלאך־המות, שרייענדיג: „די יודישע מתים קומען זיך אָנגעהמען פאר זייערע ברידער!“ און אנטלויפען ווי ווייט די פיס טראגען זיי נאָר.

די יודען אָבער געהען א היים ווי די גבורים און רעכטען אב א סדר, הלואי אויף אונז געזאָגט!

— אמן, אמן! הלואי! — רופען אלע יודען בעגייסטערט. לאמיר טאקי דאווינען מעריב. נאָט וועט שוין העלפען.

דער בעל־תפלה דאווינט מעריב מיט׳ן יום־טוב׳דיגען נגון, אָבער עפּיס ווי הייזעריג. די ווערטער וואַרגען איהם אין האלז... דעם „הלל“ זאגט יעדער מיט א נגון פון תשעה־באב. נאכ׳ן דאווינען געזעגנען זיך אלע יודען ווי פאר׳ן טויט.

פון א קענען־שטעלען זיך די פויערים איז נאר קיין רעדע נישט! „הקול קול יעקב והידים ידי עשו!“ ווי זאלען עם יודען וואגען, זיך א געגענצושטעלען א הויפען פויערים!

*

דעם סדר האט יעדער יוד אָבגעהאפּט ווי דעם מעריב צו מוצאי־יום־כפור. גיך, גיך אבגעזאָגט די הגדה, אָבגעגעסען דעם מרור, אָבגעטרונקען די אַרבע־כוסות — כדי ווי ווייט מעגליך נאך מקיים צו זיין עטליכע מצות...

פאר יעדען גערויש דערשרעקט מען זיך. יעדעס ווינקעל, יעדער הויך פון א הונד מאכט ציטערן אלע יודישע הערצער...

ס׳איז שוין שפעט ביי נאכט. די לעכט זענען שוין אויסגעגאַנגען. אין אלע שטיבער איז פינסטער. באַך־בירה לייגט מען זיך שלאָפען, חאטשי מען קען קיין אויג נישט צו טהון...

*

ס׳איז שוין שפעט נאך האלבער נאכט. הערט זיך פלוצים עפּיס א געשריי אין עק גאס... דערנאך א געפייפעריי און א געלויפעריי...

האלב־טויט שפרינגט יעדער אַראָב פונ׳ם בעט, חאפּט אויף זיך די תחתונים במחילה און לויפט זיך בעהאלטען, ווער אין קעלער, ווער אויפ׳ן בוידעם, ווער אין קאמער — אפי נישט אין שטוב... די ווייבער שרייען. די קינדער יאָמערן און וויינען, מען פערשטופט זיי אָבער די מיילער און שלעפּט זיי אַרויס.

אויף דער גאס ווערד אבער אלץ שטארקער דאס געשריי, דאָס געלויפעריי און דאס געפייפעריי... די יודען ליגען בעהאלטען און ציטערן, האלטענדיג די נשמות אין די הענד...

טביה דער קצב מיט זיינע דריי יונגע זענען געווען די איינציגע, וואָס האָבען זיך אָנגעגרייט מלחמה צו האלטען מיט די פויערים. געגעבען האבען זיי זיך אנגעגרייט שארפע העק און די קצב׳שע מעסערס און געשטאנען גרייט. אויף דעם ערשטען גערויש אַרויס צו לויפען אויף דער גאס און זיך א קענען־צושטעלען.

ווען זיי הערען דאס גערויש, זענען זיי שוין טאקי אין דרויסען... אָבער מען זעהט נישט קיין פויערים מיט העק און מיט דראנגען, נאָר עפּיס א יונג לויפט מיט עטליכע היהנער אין די הענד און אימיצער לויפט איהם נאך, שרייענדיג: „חאפּט דעם גנב! חאפּט דעם גנב!“

די קצבים מאכען גרויסע פיס און באלד האבען זיי טאקי דעם פערשוין געפּאַקט.

ס׳איז דאס נאטעלע דער גנב, וואס זיין ספּעציאַליטעט איז געווען צו גנב׳ענען היהנער און גענז. נאטעלע איז געווען דער שרעק פון אלע יודישע בעלי־הבית׳טעס. און וואס מען האט אויף איהם נישט געטשאטעוועט, מען האט איהם נישט געקאָנט חאפּען.

אויך היינט ביי נאכט האט זיך איהם פערגלוסט נאכצוגעהען זיין „בעשעפטיגונג“ און געטראפען האט ער צו שלמה שוסטער, ביי וועמען ער האט דערשמעקט עטליכע פעטע היהנער.

שלמה שוסטער האט אויך מורא געהאט פאר די פויערים און נישט וואַרטענדיג ביז זיי וועלען קומען, איז ער תיכף נאך׳ן סדר ארויף אויפ׳ן בוידעם און זיך דאָרט בעהאלטען.

ווען נאטעלע איז ארויפגעקומען און אנגעצינדען א שוועבעלע, כדי צו זעהען, וואו די היהנער שטעהען, האט איהם שלמה טאקי דערקענט און געמאַכט א גע־וואלד. נאטעלע האפּט די היהנער און לויפט אראָב, שלמה פערגעסט זיין פחד פאר די פויערים און יאָגט איהם נאך.

דורך דעם געלויפעריי און געשריי אויף דער גאס איז באלד אָנגעקומען א פאליציסט, און נישט וויסענדיג וואס ס׳איז געשעהען, גיבט ער עטליכע סיגנאלע מיט זיין פייפעלע און באלד קומען אן נאך עטליכע פאליציסטען אין פערפאַלגען דעם גנב.

עס האפּען זיך אַרויס נאך עטליכע מוטהיגע יודען: נרשם דער טרעגער, זרח דער סטאלער און בן־ציון בעל־עגלה. אויך עטליכע גוים. וואס וואהנען אין די יודישע גאסען, קריכען אַרויס פון די בעטען — אויף די גאסען לויפט מען, מען רעדט, רעד־צעהלט, לאכט און שרייט — און די יודען ליגען בעהאלטען אויף די בוידעמעס און אין די קעלערס, ציטערנדיג פאר זייער לעבען.

ווען ס׳הייבט אן צו טאגען, וואגען זיי זיך אַרויס פון זייערע בעהעלטעגישען און זעהענדיג ווי אלע יודישע הייזער זענען גאנץ, קיין איינציגע שויב נישט אויסגעשלאגען, קיין איינציגע טהיר צערבראָכען, מען זעהט נישט קיין צעריסענע בעטגעוואנד, קיין צערשלעפּטע שטרויה־זעק און קיין שום צייכען פון חורבנות, אטהעמט ערשט יעדער אב פריי און דאנקט גאט, וואס מען איז אָבגעקומען מיט׳ן פחד...

קומענדיג אין קלויז אריין צום דאווינען הערט מען די מעשה מיט נאָטעלע גנב...

— א שווארצער פסח אויף איהם! — רופען די בעלי־בתים — א שווארצער חלום אויף זיין קאָפּ... אומזיסט צעשטערט דעם שלאף! נאר אומזיסט איבער־געשראָקען אינגז!

און די פויערים מיט זייערע דראנגעס און העק האט מען שוין פערגעסען... איבערגעשראָקען די יודישע קהלה האט נאר איין נאָטעלע גנב!...

ק—ל.



יאפאן און אינדיען; דער אינדישע פרינץ פון מיראָזע אז זיינע בעגלייטער ביים יאפאנישען פאליטישער גראף אקומא אי טאקיא.

# יאפאן און אינדיען.

ווייטדעם די יאפאנער האָבען בעוויזען זייערע גבורות אין דעם קריעג מיט רוסלאנד, רעדט מען אין איירָאפּא כסדר פון דער „געלער געפאהר“, בעהויפּטענדיג אז די יאפאנער וועלען נאך אמאל איירָאפּא איבערפאַלען און די איירָאפּעער בעהערשען.

דאצו איז נאך צוואר זעהר ווייט, אָבער איינס איז זיכער: אין אזיען וועלען די יאפּאנער באלד שפּי־לען די ערשטע ראָלע.



אייזענבאהן־אונפאל: ביי ברוק אין דער מיר שטירצט א לאסטצוג אראב פון די שינעס.



די ענטדעקונג פֿונ'ם זיד-פּאָל: דאס ענגלישע קעניגספּאר און דער קאפּיטען שעקלעטאן אויף דעם שיף „נמרוד" פאר דער אבריייזע צום זיד-פּאָל.

אמעריקא ציטערט שוין לאנג וועגען די פיליפינען-אינזעלן, אויף וועלכע יאפאן האט געווארפען אנ'אויג און די אמעריקאנישע פּאָליטיקער סטא־ען זיך צו האלטען .נוט-חבר'שאפט' מיט די .געלע יאפאנער'.

אבער די יאפאנער ווילען נישט אנהייבען מיט די קליינע פיליפינען-אינזלען, זייער בליק געהט ווייטער. אויף אינדיען האבען זיי געריכטעט זייער אויג און דארט, אין דעם רייך פון 300 מיליאנען מענשען, וועלען זיי אנהייבען זייער ארבייט.

זיי האבען ארויסגעשיקט א עקספעדיציע קיין אינדיען כלומרשט צו שטודירען די דארטיגע צושטענדע, אין אמת'ן אבער זיך בעקאנט צו מאכען מיט די דארטיגע היפּטלינגע און הערשער. ענגלאנד זעהט דאס צו און מוז שווייגען, האטשי דער סוף פון דער יאפאניש-אינדישען פריינדשאפט וועט זיין די אבווארפונג פון דער ענגלישען הערשאפט איבער אינדיען.

ריעזע טענ בעזוכט דער רייכסטע אינדישע פּרינץ, נ א ר א ז ע ר י י א ו ו א ד י י א פ ו ן ט י ו א ר ע, די יאפּאנישע הויפּטשטאדט טאקיא און די פריינדשאפט צווישען די ביידע אזיאטישע לענדער וועט נאך שטארקער ווערען.

ריעזע בעוועגונג האט א געוואלטיגע פאליטישע בעדייטונג.

מיר ברענגען אין אונזער הייננטיגער נומער א בילד פארשטעלענדיג דעם אינדישען פרינץ מיט זיינע בעגלייטונג אים שלאָסגארטען פון דעם יאפאנישען דיפלאמאט גראף א ק ו מ א.

## אייזענבאהן-אונפאל.

אין ברוק אן דער מור (שטייערמארק) איז אם 18-טען מערץ פארגעקומען א שרעקליכער אייזענבאהן-אונפאל.

געגען האלב 8 א זייגער אין דער פריה איז א לאסט-צוג, בעשטעהענד פון אכט וואגאנס, פלוצים אראבגעפאלען פון דער טראסע אין א דריי מעטער טיעפען טאל, דאס איז געשעהן דורך א ענטגלייזונג פון דער מאשין.

עטליכע וואגאנס און די מאשין זענען זעהר בעשעדיגט געווארען, דער הייצער סטעפאן קראסטל, א פאטער פון 4 קינדער, איז געטעדטעט געווארען.

אונזער בילד אין היינטיגער נומער שטעלט פאר דעם מאמענט, ווען דער אונפאל געשעהט.

## פערענדערונגען אין דער עסטרייכישער גענעראליטעט.

די ערנסטע פאליטישע לאגע, אין וועלכער מיר האבען זיך אין די לעצטע וואכען געפונען, האט נויטהווענדיג געמאכט פערענדערונגען אין דער גענעראליטעט, ווייל עטליכע וויכטיגע מיליטערישע פונקציאנערע האבען בעקומען צונעוויזען נייע פאסטענס.

צום פעסטונגס-קאמאנדאנט אין פ ש ע מ י ש ל איז ערנאנט געווארען פעלדמארשאל-לייטנאנט פריעדריך ייהן פון סאלווענען, ביזהער קאמאנדאנט פון דער 43 לאנדוועהר-אינפאנטעריע טרופען-דיוויזיאן.

צום קאמאנדירענדען גענעראל אין ל ע מ ב ע ר ג איז ערנאנט געווארען פעלדמארשאל-לייטנאנט פראנץ ש ע ד ל ע ר, ביזהער קאמאנדאנט פון דער 16 אינפאנטעריע-טרופען-דיוויזיאן אין הערמאנשטאדט.

צום לאנדעספערטהיידיגונגס-קאמאנדאנט פון ט י ר א ל איז ערנאנט געווארען דער פעלדמארשאל-לייטנאנט יאהאן עדלער פון ש ע מ ו א, ביזהער צונעטהיילט דעם קארפס-קאמאנדא אין אינסבּרוק.

צום מיליטער-קאמאנדאנט אין צ א ד א א איז ערנאנט געווארען דער פעלדמארשאל-לייטנאנט קארל פאנטא, ביזהער קאמאנדאנט פון דער 34 אינפאנטעריע-טרופען-דיוויזיאן אין טעמעסוואר.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגען נומער די בילדער פון די נייע קאמאנדאנטען, וועלכע געהערען צו די טיכטיגסטע מיליטערישע פאכמענער אין עסטרייך-אונגארן.

## רעוואלוציע אין פערזיען.

די רעוואלוציע אין פערזיען איז נאך אלץ נישט געענדיגט. טעגליך בעקומען מיר ידיעות איבער בלוטיגע צוזאמענשטאסע צווישען די רעוואלוציאנערע און דעם שאה'ס מיליטער.

לויט די נייעסטע ידיעות האבען די רעוואלוציאנערע שוין איינגענומען די שטאדט א ש א ר א ב א ב און איצט איז שוין די גאנצע פראווינץ מאסענדעראן אי זייערע הענד.

דער שאה וויל אבער נאך אלץ נישט דערקענען, אין וועלכער לאגע ער געפונט זיך. ער האפט נאך אלץ, אז עס וועט איהם געלינגען, צו בלייבען הערר אים לאנד, און כדי די רעוואלוציאנערע אבצושרעקען, לאזט ער דיעניגע, וואס פאלען איהם אין די הענד, טעטען מיט די גרעסטע אכזריות.

די געפאנגענע ווערען אויפגעהאנגען עפענטליך אין געגענווארט פון שאה און פון אלע הויכע בעאמטען.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א אריגינאל בילד, פארשטעלענדיג ווי א רעוואלוציאנער ווערד עפענטליך געהאנגען אין געגענווארט פון שאה.

אויב דיעזע אכזריות וועט איהם העלפען צו בעזיעגען זיינע פיינד, אדער אויב זי וועט נישט נאך אים געגענטהייל פערשלימערן זיין לאגע, דאס איז א גרויסע שאלה.

## גראף דזיעדושיצקי.

אין וויען איז פאריגע וואך פלוצים געשטארבען דער וויצעפרעזידענט פון פוילען-קלוב גראף אדאלבערט ד ז י ע ד ו ש י צ ק י, 61 יאהר אלט.



גראף דזיעדושיצקי, דער פערשטארבענע פאל-טיקער.

נאך 2 טאג צופאהר האט ער געהאלטען אים רייכסראטה א וויכטיגע רעדע וועגען רעקרוטען-קאנטינגענט. אין דער נאכט פאר'ן טוידט האט ער זיך אינטערהאלטען

מי׳ן מעהרערע אבנעא־דנעטע, און עטליכע שעה שפעטער איז ער געשטארבען.

נראף דזיעדושיצקי איז געוועזען איינער פון די וויכטינסטע פארלאמענטאריער אין פוילען־קלוב. מעהר ווי 20 יאהר האט ער אנגעהערט דעם רייכסראטה. ער איז געוועזען פרעזעס פון קלוב און שפעטער פוילישער לאנדס־מאן־מיניסטער.

א וויסענשאפטליך געבילדעטער מאן, א טיכטינער שריפטשטעלער, א גלענצענדער רעדנער און א ערנסטער פאליטיקער האט ער אים רייכסראטה געשפיעלט א גרויסע ראלע און איז געוועזען נעאכטעט און געשעצט ביי אלע פארטייען.

זיין ווייז און הומאר זענען געוועזען בעריהמט. אין די שוועריגסטע סיטואציעס האט ער מיט א וויץ, מיט א סאטירישער בעמערקונג פערבעסערט די לאגע און נישט איינמאל האבען די רעגיערונגען זיך מיט איהם בענוצט אין שוועריגע קריזען.

די לייכע איז איבערגעפיהרט געווארען קיין יעזופאל. וואו עס געפונט זיך די פאמיליען־גרופט פונ׳ם פערשטארבענעם. אים לייכענבעגענגניס האבען טהיילגענומען די פערטרעטער פון אלע פארטייען אים רייכסראטה.

אין אונזער היינטיגען נומער ברענגען מיר דאס בילד פון דעם פערשטארבענעם גראף דזיעדושיצקי, וועלכער איז בעקאנט געוועזען אלס יודענפריינד.

# פאסט שטרייק אין פאריז.

וועגען א סכסוך מיט דעם שטאאטס־סעקרעטער סימיאן און אויפגעהעצט פון די קלעריקאלען און סאציאליסטען האבען אלע פאריזער פאסט־ און טעלע־גראפען בעאמטען געמאכט א שטרייק, וועלכער האט געדויערט איבער 8 טעג. דורך 8 טעג איז די גרויסע וועלט־שטאדט געוועזען ווי אבגעשלאסען פון דער וועלט. קיין בריעף, קיין טעלעגראמען, קיין געלד, קיין פאקעטע — קיין שום זאך איז נישט געווארען בעפעדערט, צוגע־שטעלט אדער עקספעדירט.

די האנדעלס־וועלט האט דאדורטער שטארק גע־ליטען. אויך די רעגירונג אליין איז געוועזען אין גרויס פער־לעגענהייט. ס׳איז געראדע געוועזען די וויכטיגסטע צייט ווען די קאבינעטע פון פאריז, לאנדאן און פעטערסבורג האבען אונטערהאנדעלט וועגען דעם סכסוך צווישען סערביען און עסטעררייך־אונגארן. די וויכטיגסטע דעפעשען זענען אנגעקומען מיט 3—4 טעג צו שפעט.

אבער וויל די רעגיערונג האט געהאלטען די פאר־דערונגען פון די שטרייקענדען פאר נישט בערעכטיגט, האט זי נישט געוואלט נאכגעבען, און אויך דאס פובליקום האט זיך א ביסעל בערוהיגט. ווען די רעגיערונג האט צוגערופען דאס פאסט־ און טעלעגראפען־רעגימענט צום פאסט־דיענסט און וועניגסטענס די וויכטיגסטע זאכען האט מען געקענט עקספעדירען. די גרויסע באנקהייזער און די רעגיערונג פלעגען ארויסשיקען זייערע דעפעשען און בריעף ביז צו דער בעלגישער גרעניץ. וויל אויך אויף דער פראווינץ האט זיך דער שטרייק פערברייטעט, דארט זיי אויפגעבען.

שליסליך האבען די שטרייקענדע נאכגעגעבען. עס וועט אבער נאך דויערן א היבשע צייט, ביז די ריקשטענדע, וואס האבען זיך אנגעהייפט אויף די פאסט־עמטער, וועלען עקספעדירט ווערען.

די קאמער האט מיט א גרויסער מאיאריטעט גע־בילינט די האלטונג פון דער רעגיערונג.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א בילד, פארשטעלענדיגע די גרויסע מאסען בריעפזעק, וואס זענען אנגעהייפט אויף די פאסט־עמטער אין פאריז.

# די ענטדעקונג פון דעם זיד־פאל.

(ציר הדרומי).

וועהרענד אלע ביזהעריגע בעמיהונגען, צו ענטדע־קען דעם נארד־פאל (ציר הצפוני) זענען ביז איצט נישט געלונגען און אלע גרויסע פארשער, וואס האבען דאס אונטער גענומען, זענען ענטוועדער דארט אומגעקומען אדער צוריקגעקעהרט פון מיטען וועג, איז עס א יונגען ענגלישען פארשער, דעם קאפיטאן שעקלעטאן גע־לונגען, צוצוקומען שוין הארט ביז צום זיד־פאל (ציר־הדרומי), און די גאנצע וויסענשאפטליכע וועלט הערט מיט שטוינען די ידיעות איבער זיין רייזע.

אין א לאנגען קאפעל־בעריכט גיבט איבער דער דריסטער רייזענדער די פרטים פון זיין וואונדערבארע רייזע אויפ׳ן שיף „נמרוד“, אין וועלכער ס׳האבען זיך בעטהייליגט פיעל געלעהרטע, ווי דער בעריהמטער געאלאג אדאמס, געאגראף בראקליירשט, פראפעסאר דאוויד און נאך פיעל אנדערע.

אויפ׳ן וועג האבען זיי זיך אנגעשטויסען אויף דעם גוואלדיגען אייז און פייער־בארג ערעבוס, וועלכער איז 11000 פוס הויך, דער קראטער, דאס הייסט דער האלז, פון וואנען דער בארג שפייט דאס פייער, האט א עפע־נונג פון א האלבע ענגלישע מייל. דער דאזיגער מורא־דיגער וואולקאן האט געשפיגען שטארקע שטראמען פון ראמפף און שוועבעל ביז צוויי טויזענד פוס אין דער הויך.

די עקספעדיציע איז געגאנגען 400 מייל צו דרום דורכ׳ן ים אייז. דעם 26־טען אקטאבער האט די עקספע־דיציע פערלאזען דעם שפיץ (מיס) ראיאל, און איינ־שטעלענדיג דאס לעבען אין געפאהר איז זי געגאנגען איבערן שנעע, וואס פערדעקט דעם תהום. די פאני׳ס (אזא מין קליינע פערדלאך), וועלכע האבען זיך דעם גאנצען וועג זעהר גוט געהאלטען, האבען אנגעהויבען צו ליידען אויף דער שנעע־בלינדקייט קראנקהייט. ביי׳ם גראד 85 האט מען אנגעהויבען צו קארגען מיט די שפייז. יעדער רייזענדער האט נאר בעקומען 20 אונצען נאהרונג א טאג. דעם 7־טען יאנואר האט זיי בעגעגענט א שרעקליכער שטורם, וועלכער האט געדויערט איבער 60 שעה און האט זיי געמאכט אונמעגליך צו געהן אפילו איין טריט ווייטער, און ערשט דעם 9־טען יאנואר האט מען געקאנט ווייטער רייזען, און אין אווענד פון זעלבען טאג האבען זיי דערגרייכט דעם 88־טען גראד, דער ווייטעדסטער דרום־פונקט, וואס א מענשליכע פוס האט א מאל בעטרעטען.

צוריקקומענט זענען די מיטגלידער פון דער עקספעדיציע, עסענדיג פערד־פלייש, קראנק געווארען אויף דיזענ־טעריע. די עקספעדיציע האט ענדעקט פיעל נייע בערג, וועלכע זענען נאך ביז היינט נישט בעוואוסט געוועזען, און האט מיטגעבראכט פערשיעדענע זאכען, וועלכע האבען א גרויסען וויסענשאפטליכען ווערט. אין לאנדאן ווערד געגרינדעט א קאמיטעט פון גרויסע געלעהרטע איינצו־ארדנען א גרויסארטיגען קבלת פנים פאר די דרייסטע רייזענדער, וועלכע געפינען זיך שוין איצט נישט ווייט פון ניו־זעעלאנד (אויסטראליען).

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א בילד פארשטעלענדיג, ווען דער ענגלישער קעניג און די קעניגין בעזוכען דאס שיף „נמרוד“ פאר זיין אברייזע צום זיד־פאל.

די נייע ענטדעקונגען זענען פאר דער וויסענשאפט פון אונגעהויערער בעדייטונג.

# פון דער אדמיניסטראציע.

מיט היינטיגער נומער ענדיגט זיך דאס ערשטע קווארטעל און מיר בעטען אלע דיעיעניגע, וואס האבען נאר אבאנירט אויף א קווארטאל, צו ערנייערן זייער אבאנעמענט.

נייע אבאנענטען בעקומען אלס פרעמיע דעם היסטארישען ראמאן „דוד שפירא“ סעפאראט גע־דרוקט אין שענער אויסשטאטונג.

Wydawca: M. Fischer. — Odpowiedzialny redaktor: J. Kreppel — Drukarnia Józefa Fischera w Krakowie.